# דער יוד

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אֶסטרייך-אונגארן —.12 קראנען
האלביאֶהריג —.6 „
פירטעליאֶהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

## DER JUDE

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברה „אחיאסף“.

דער פרייז פיר רוסלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאֶהרליך —.3 „
פירטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין
3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.—
30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ.

קראקויא, תמוז תרס"א. נומר 27. Krakau, 4 Juli 1901.


## אינהאלט.



ה. תרס"א — וואכען-קאלענדער (לוח) — 1901

| די טעג פון חודש | וואך | תמוז, ליפיע׳ן-יולי | נייער ס. יולי | אלט. ס. יוני |
|---|---|---|---|---|
| כ׳ | זונטאג | | 7 | 24 |
| כ"א | מאנטאג | | 8 | 25 |
| כ"ב | דינסטאג | | 9 | 26 |
| כ"ג | מיטוואך | | 10 | 27 |
| כ"ד | דאנערס. | | 11 | 28 |
| כ"ה | פרייטאג | | 12 | 29 |
| כ"ו | שבת | פרשת כיטו"מ. | 13 | 30 |

| טאג | יאהר | קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע. |
|---|---|---|
| כ | ה. תמ"ג | געהרג׳ט עקדה"ש ר׳ נתן נטע און פיעל יודען אין אונג. בראָר. |
| „ | ה.תקפ"ג | געהרג׳ט עקדה"ש ר׳ ישראל אין דאָרף רוקאָל (קאווקאז). |
| כא | ה ת"ד | נתפס געוואָרען פון דער אינקוויזיציע דער גר צדק יהודה קרייענטא. |
| כב | ה. ס"ג | איז רבנו הרא"ש אנטלאָפען פון דייטשלאנד נאָך שפאניען. |
| כג | ה. ש"ל | געשטאָרבען המקובל ה"ר משה קורדעווירי בעל הפרדס. |
| כד | ד. תתקח | האָט דער המון אין קארדאווא (שפאניען) צושטערט יודישע שולען. |
| כה | ה.תרנ"ג | געשטאָרבען הג׳ ר׳ ישראל יהושע רב אין קוטנא. |
| כו | ה, שצ"ט | „ המקובל ר׳ אהרן ברכיה ממודינא. |
| „ | ה. תצ"ט | „ ה"ר צבי הירש חריף. |


## צו אבאָנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Gertrudy 16.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין וויען:
E. Torczyner, Wien II. Krumbaumg. I.

אין לאדז: ביי אונזערעם פערטרעטער:
S. Hochberg, Lodż, Cegielnianastr. 36.

דער „יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער:
1920 a Nachtrag VII.

III. Jahrgang. DER JUDE. Nr. 27

דער פּרייז נ"ר רוססלאנד:
גאנץ-יאהרלין —.5 רוביל.
האלב-יאהרלין —.3 רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפּריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "
ענדערען די אדרעססע קאסט 20 קאפּ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואָך.
פערלאג: חברת „אחיאסף".

אבאנאמענטס פּרייז יאהרליך:
עסטרייך-אונגארן —.12 קראָנען.
האלביאהריג —.6 "
פירטעליאהריג —.3 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.
פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פּעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפּ.
Erscheint Donnerstag.

Krakau, 4 Juli 1901. נומר 27. קראקויא, תמוז תרס"א.

## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען!

מיט דער פאָריגער נו' 26 ענדיגט זיך דאס אבאנאמענט אויף דעם „יוד" פיר די וועלכע האָבען אויסגעשריבען די צייטונג נור אויף אַ האלב יאהר פון 1 יאנואר, אדער אויף איין ¼ יאהר פון 1 אפּריל, און מיר בעטען זעהר אַזוי גוט זיין גלייך, אוננעזאַמט, אריינשיקען דאס געלד פיר די ווייטערע צייט, כדי מיר זאָלען קענען ווייטער שיקען די בלעטער כסדר.

☞ אונזערע אבאָנענטען אויף דער

## „וועלטגעשיכטע"

זענען מיר מודיע אז

## דער צווייטער באנד

איז שוין פערטיג צום דרוק, און אין דער קומענדער נו' וועלען מיר מודיע זיין זיין אינהאַלט. ☞

און מיר בעטען די אבאָנענטען וועלכע האָבען אריינגעשיקט אויף דער „וועלטגעשיכטע" נור 50 ק"פּ, פיר וועלכע זיי האָבען געקריגען דעם ערשטען באנד, זיי זאָלען גיטיגסט צושיקען דאס איבריגע צו 1 ר' (אדער צו 1,50 מיט פּאָרטא).

☞ אונזערע נייע אבאָנענטען, פון 1 יולי, קענען אויך בעקומען

## 4 בענדער „וועלט-געשיכטע" פיר 1 רו"כ

מיט פאָרטא 1,50 רו"כ. ☞

☞ צו דיזער נומער לייגען מיר ביי פיר אונזערע אבאָנענטען דאס פינפטע בילד

## ☞ על נהרות בבל ☜

אין נאָנצען בעקומען אונזערע היינטי-יאהריגע אבאָנענטען 12 ילדער פון יודישען לעבען אומזיסט.

☞ מיט די קומענדע נומערן וועלען מיר געבען אונזערע לעזער איין מייסטער בילד פון דעם איצטיגען יודישען לעבען וועלכעס מיר האָבען געלאָזט ספּעציעל פערפערטיגען פיר אונזער צייטונג ביי דעם בעוואוסטען מאלער ה' אַקוּן, אונטער דעם נאָמען:

## „וואהין זאָלען מיר געהן?"

(רומענישע אויסוואַנדערער).



## די קאָנפערענץ פון די גאַליציִשע ציוניסטען.

עס איז געוועזען אמאל אַ צייט, ווען די גרעסטע וויכטיגקייט פון יודישען לעבען איז געלעגען אין די מערב-לענדער. פון מערב פלעגען קומען פאר די יודען די נייע געדאנקען, פון דאָרט האָט מען געוואַרט אויף די בעפרייאונג און אויף די גליקליכע קומענדיגע צייטען; איצט איז עס אַנדערש געוואָרען, די יודען אין מזרח אייראָפּא הויבען אָן צו געהן פאָרויס, ביי די יודען אין רוסלאַנד איז אויפגעלעבט געוואָרען דער געדאנק פון דער נאַציאָנאַלער אויפערשטעהונג און פון דאָרט געהט ער אַלץ ווייטער און ווייטער קיין מערב. איינע פון די ערשטע סטאַציאָנען פון דער נאַציאָנאַל-ציוניסטישער אידעע איז גאַ-ליציען. אַ דאנק דער גרויסער צאָהל יודען אין גאַליציען איז נאָך

ניט אין גאַנצען אויסגעלאָשען געוואָרען דאָס געפֿיהל פֿון צוזאַמענ־געהעריגקייט און דאָס האָט מעגליך געמאַכט דאָס גרינגע אויפֿבליהען פֿון אַ שטאַרקער ציוניסטישער פּאַרטיי. די גרויסע צאָהל פֿון די צו־וואָרפֿענע חברות האָט נייטהיג געמאַכט צונויפֿצורופֿען אַ אַלגעמיינע פֿערזאַמלונג פֿון די פֿערטרעטער פֿון אַלע גאַליצישע ציוניסטישע פֿעריינען, כדי בעסער זיך צוזאַמענבינדען און כדי אַרומצורעדען וויכטיגע אַלגעמיינע פֿראַגען.

די קאָנפֿערענץ איז געווען אין לעמבערג און האָט געדויערט צוויי טעג, דעם 16־טען און 17־טען יוני. צו דער אסיפה זענען צוזאַמענגעפֿאָהרען 95 דעלעגאַטען, די פֿערזאַמלונג איז געווען שטאַרק בעזוכט פֿון געסט.

די פּראַגען וועלכע עס זענען בעהאַנדעלט געוואָרען אויף דער פֿער־זאַמלונג, בעציהען זיך אויף די אַלגעמיינע יודישע אַרבייט פֿון די ציוניסטען אין גאַליציען, אויף אָרגאַניזאַציאָן, אַגיטאַציאָן, אויף פּרעסע און אויף די פֿערברייטונג פֿון דער העברעאישער שפּראַך.

## I אַלגעמיינע פֿראַגען.

צוערשט לייענט דר. מאַליץ (לעמבערג) איין רעפֿעראַט איבער די יודישע לאַגע אין גאַליציען, ער שילדערט זי אין טרויעריגע פֿאַר־בען און ווייזט אויף אַז זי איז ערגער, ווי אין אַלע אַנדערע לענדער פֿון דער וועלט. די יודען געפֿינען זיך אין אַ סך ערגערער לאַגע, ווי די קריסטען, ווייל פֿאַר די לעצטע ווערט האָטש אַביסיל געזאָרגט. בעת די יודען בלייבען אין גאַנצען איבערגעגעבען נור זייער מזל. די איינציגע רעטונג פֿאַר די יודען ליגט אין איין פֿרייען פּאַלעסטינאַ, אָבער מיר קענען ניט, זאָגט דער רעדנער, בלייבען גלייכגילטיג צו דער איצטיגער טרויעריגער לאַגע פֿון אונזערע ברידער, מיר דאַרפֿען זאָרגען אויך צו פֿערבעסערען די איצטיגע יודישע לאַגע אין הסכם מיט די בעשליסען פֿון דער אַלגעמיינער עסטרייכישער פֿערזאַמלונג, וואָס איז געווען ניט לאַנג אין אָלמיץ. אין די בעשליסען פֿון יענער פֿערזאַמלונג געפֿינען מיר אויך גענוג אנגעצייכענטע ווענען פֿאַר אונזער אַרבייט אין גאַליציען.

נאָך איינינע ויכוחים זענען פֿון דער לעמבערגער אסיפה אָנגע־נומען געוואָרען די פֿאָלגענדע פּונקטען:

די ציוניסטען אין גאַליציען נעהמען אַריין אין זייער ווירט־שאַפֿטליכעם פּראָגראַם:

1) די גרינדונג פֿון פֿערמיטלער־ביוראָס אויף זוכען אַרבייט;

2) די אונטערשטיצונג פֿון האַנדווערק און קליין־פֿאַבריקאַציאָן;

4) די גרינדונג פֿון אַ סטאַטיסטישען ביורא פֿאַר יודען;

4) די גרינדונג פֿון צדקה־חברות;

5) די גרינדונג פֿון שפּאַרקאַסען און קרעדיט פֿעריינען פֿאַר יודען.

אין דאָס פּראָגראַם פֿון קולטוראַרבייט ווערען אַריינגענומען די דאָזיגע פּונקטען:

1) די גרינדונג פֿון פֿאָלקסהייזער פֿאַר יודען;

2) לעזעצימער און ביבליאָטהעקען;

3) קורסען פֿאַר ערוואַקסענע;

4) וואַנדערונגס־קורסען;

5) דאָס פֿערשטאַרקען פֿון דעם יודישען גייסט אין דער ערציהונג אין שול און אין דער היים;

6) די גרינדונג פֿון פֿעריינען פֿאַר וויסענשאַפֿט, ליטעראַטור און קונסט.

# פֿעליעטאָן.

## מיר און איהר.

(אַ בריעף פֿון אַמעריקאַ).

עפּיס זענט איהר מיר צו גרויסע בַּעֲלֵי־גַאֲוָה, איהר אייראָפּעאישע יודען, וּבִיחוּד איהר רוסישע יודען! עפּיס בלאָזט איהר אייך אָן געגען אונז, אַמעריקאַנער, ווי די אינדיקעס מיט אייער אייראָפּעאישער הַשְׂכָּלָה. איהר מיינט, אַז איהר זענט גאָר די אויבערשטע פֿון דעם חריין און מיר, אייערע אַמעריקאַנישע ברידער, זענען ביי אייך פֿעררעכענט ווי האַלב ווילדע, האַלב ציוויליזירטע ברואים. אָבער איהר האָט נעביך אַ גרויסען טָעוּת! אין אַ ל ע עִנְיָנִים שטעהען מיר פֿיעל העכער פֿון אייך. מיר, אַמעריקאַנער, פֿערדונקלען אייך, אייראָפּעער, מיט אונזער אַמעריקאַנישער השכלה. אין דער קורצער צייט, וואָס מיר לעבען דאָ אין אַמעריקאַ, האָבען מיר פֿאַר דער השכלה מעהר אויפֿגעטהון, ווי איהר דאָרטען אין אייראָפּאַ אין אַ גאַנצען דור!

אַדרבא, לאָמיר האָבען אַ שטיקיל חשבון!

האָט עפּיס לאַנג ביי אייך עקסיסטירט דאָס יודישע טהעאַטער, האַ? קוים האָט א ב ר ה ם ג אָ ל ד פֿ אַ ד ע ן געלייגט דעם ערשטען גרונדשטיין צו אַ יודיש טהעאַטער, זענט איהר אַלע רוסישע מַשְׂכִּילִים, (ניט פֿאַר אונז געדאַכט!) שיעור משוגע געוואָרען. איהר האָט אָנגעהויבען צו פֿערלאַנגען עפּיס גאָר משונה'דיגע זאַכען. איהר האָט דורכאויס געוואָלט, אַז אַ יודיש טהעאַטער זאָל א ו י ך זיין אַ טעמפּעל פֿון קונסט, אַז די אַקטיאָרען זאָלען זיין אמת'ע קינסטלער און אַז די דראַמאַטורגען, וואָס שרייבען דראַמען פֿאַר'ן יודישען טהעאַטער, זאָלען זיין אמת'ע ליטעראַטען, ווי זאָלען האָבען עפּיס אַ אִידֵיאָה אין די הִלְכוֹת הדראַמאַטורגיע, זיי זאָלען קענען דאָס לעבען, זיי זאָלען קענען צוגליעדערן מענשליכע געפֿיהלען, זייערע דראַמאַטישע אַרבייטען זאָלען האָבען עפּיס געדאַנקען, זיי זאָלען מיט לעבעדיגע פֿאַרבען מאָלען די כאַראַקטערען און טיפּען, וועלכע זיי ברייננען אַרויף אויף דער סצענע — און אַז איהר האָט דערזעהן, אַז דאָס אַלעס איז ניט בִּמְצִיאוּת אין יודישען טהעאַטער, זענט איהר אויף איהם אָנגעפֿאַלען ווי די הייׁשריקען, איהר האָט איהם צוקריטיקירט פָּנִים וְאָחוֹר, איהר האָט פֿון איהם געמאַכט אַ תֵּל און איהר האָט נישט גערוהט, ביז איהר האָט איהם עוֹקֵר מִן הַשֹּׁרֶשׁ געווען.

און ווייסט איהר פֿאַר וואָס איהר האָט עס געטהון? ווייל איהר זענט נישט קיינע אמת'ע משכילים, ווייל איהר זענט נישט ווי מיר אַמעריקאַנער, קיין ר ַ ח ֲ מ ָ נ ִ י ם, קיין בַּ י ְ י ש ָ נ ִ י ם און קיין ג ו ֹ מ ְ ל ֵ י ־ ח ֲ ס ָ ד ִ י ם, ווייל איהר האָט נישט אין זיך, ווי מיר אַמעריקאַנער, די מדה פֿון נ ח ו ם א ִ י ש ־ ג ַ ם ־ ז ו ֹ און איהר ווילט נישט זאָגען עַל כָּל צָרָה שֶׁלֹּא תָּבֹא: גַּ ם ז ו ֹ לְ ט ו ֹ ב ָ ה!

אָבער מיר אַמעריקאַנער, מיר זענען רחמנים, ביישנים און גומלי־חסדים, צו יעדער מַכָּה, צו יעדער פּוּרְעָנִיּוֹת און צו יעדער גְּזֵרָה רָעָה זאָגען מיר: גם זו לטובה! און טאַקי דערפֿאַר, האָבען מיר דאָ ביי אונז אין נוי־אָרק אַליין ד ר י י גרויסע יודישע טהעאַטערס, מיט איין ערך פֿון ה ו נ ד ע ר ט אַקטיאָרען און אַקטריסעס און מיט אַ גאַנצען ע ס ק אַ ד ר אָ ן דראַמאַטורגען. און מיר האָבען דעם תענוג צו זעהן, ווי אונזערע „קינסטלער" ווערען געזונדער און פֿעטער פֿון טאָג צו טאָג, ווי זייערע באַנק־ביכליך ווערען מיט יעדער וואָך געשוואָלענער און ווי די „דראַמאַטורגען", וואָס זע־נען ביי אייך אין אייראָפּאַ מאָגער געווען ווי די פַּרְעֹה'ס זיעבען אָבגעכרענטע זאַנגען, זענען דאָ, ביי אונז אין אַמעריקאַ פֿעט און קיילעכדיג געוואָרען.

מיר זענען ר ח מ נ י ם און מיט דעם מִדַּת־הָרַחֲמָן קוקען מיר צו אויף יעדען דראַמאַטישען קאַליקע, וואָס טהוט זיך אָן אין טריקאָס און ווערט א

## אָרגאַניזאַציאָן.

איבער אָרגאַניזאַציאָן זענען געהאַלטען געוואָרען צוויי רעפעראטען; איינער פֿון דר. ברוידא (סטאַניסלוי), דער אַנדערער פֿון דר. וואַהרהאַפֿטיג (קראקוי).

דר. ברוידא איז ארויסגעטרעטען פֿאַר דעם געדאַנק, אַז די גאַליצישע ציוניסטען קענען זיך ניט בענוגענען נור מיט דער ריין ציוניסטישער אַרבייט; ער מיינט, אַז די ציוניסטען דאַרפֿען טהייל נעהמען אין אַלע זייטען פֿון פּאָליטישען לעבען אין לאַנד, און דערום פֿערלאַנגט ער, אַז די ציוניסטען זאָלען שאַפֿען אַ נאַציאָנאַל־פּאָליטישע פֿערבינדונג, וועלכע וועט זיין בכח אָבצוהיטען די רעכטע און די אינטערעסען פֿון אַלע עסטרייכישע יודען.

דר. ברוידא'ס רעפעראַט האָט אַרויסגערופֿען לאַנגע און הייסע ויכוחים. פֿיעל רעדנער זענען געווען נעגען דעם, אַז די ציוניסטען זאָלען זיך פֿערנעהמען מיט די פֿראַגען פֿון פּאָליטישען לעבען אין עסטרייך, ווייל זיי מיינען, אַז די ציוניסטען זענען נאָך צו שוואַך דערצו און ווייל זיי געפֿינען, אַז עס וועט זיין זעהר שווער אויסצואַרבייטען איין אַלגעמיינעם פּאָליטישעם פּראָגראַם, וואָס וועט קענען בעפֿרידיגען אַלע יודען.

די החלטות איבער אָרגאַניזאַציאָן:

1) די ציוניסטישע חברות אין גאַליציען געהערען צו דער אַלגעמיינער עסטרייכישער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציאָן.

2. די גאַליצישע ציוניסטישע חברות ווערען פֿערבונדען דורך איין צענטראַלקאָמיטעט אין לעמבערג.

3. גאַליציען ווערט איינגעטהיילט אין 7 ראַיאָנען: לעמבערג, קראקוי, פּשעמישל, דראָהאָביטש, סטאַניסלוי, קאָלאָמעאַ און טאַרנאָפּאָל.

4. די אָרגאַניזאַציאָן פֿון דעם ראַיאָן פּערמיטעלט די פֿערבינדונג צווישען דעם איינצעלנעם פֿעריין און דעם צענטראַל קאָמיטעט.

5. דער גאַליצישער צענטראַלקאָמיטעט איז מחויב צוזאַמען מיט דעם עסטרייכישען לאַנדעסקאָמיטעט אויסצואַרבייטען בעשטימטע דרכים, ווי מען זאָל זיך נוהג זיין ביי די וויבאָרעס אין יודישע אַנשטאַלטען (חברות, קהילות).

6. ציוניסטישע פֿעריינען דאַרפֿען זיך ניט פֿערנעהמען מיט פּאָליטישע פֿראַגען. ווען אָבער עס טרעט איין דער פֿאַל, אַז די ציוניסטען דאַרפֿען טהייל נעהמען אין אַ בעשטימטער פּאָליטישער פֿראַגע, דאַרף מען זעהן אַרויסצוטרעטען ניט געשפּאַלטען, נאַר מיט איין דעה, אַלענפֿאַלס אָבער דאַרף ביי דעם אַלץ געטהון ווערען אין הסכם מיט דעם צענטראַלקאָמיטעט און מיט דעם לאַנדעסקאָמיטעט.

7. דער גאַליצישער צענטראַלקאָמיטעט דאַרף בעשטעהן פֿון די מיטגליעדער פֿון אַקציאָנסקאָמיטעט, וואָס ווערען אויסגעקליבען פֿאַר גאַליציען.

8. די אסיפה האַלט פֿאַר ניצליך צו גרינדען אַ בעזונדער פֿעריין, וואָס האָט זיך צו פֿערנעהמען מיט דער אַרבייט צו פֿערבעסערן דאָסווירטשאַפֿטליכע לעבען אין גאַליציען.

9. די אסיפה האַלט פֿאַר ניצליך צו גרינדען אַ בעזונדער פֿעריין פֿאַר קולטור און יודישע ערציהונג.

## פּרעסע.

הער ד. מאַלץ בעקלאַגט זיך אין זיין רעפעראַט, דאָס אין גאַליציען קען זיך נישט האַלטען קיין ציוניסטישע צייטונג וועגען דער גלייכגילטיגקייט פֿון די לעזער. ער האַלט פֿאַר פֿאַלש, אַז די ציוניסטישע צייטונגען זאָלען זיך פֿערנעהמען נור מיט אַניטאַציאָן און פּאַרטייזאַכען. די יודישע צייטונגען דאַרפֿען זעהן וויסענשאַפֿטליך צו

„האַמלעט", אַ „אָטהעלאָ" אַ "שיילאָק", אָדער אַ "פֿראַנץ מאָהר". מיר זעהען זיינע משונה'דיגע הַוָיות, זין דרעהען און וואַרפֿען זיך, מיר זעהען, ווי ער וויינט דאָרט, וואו מען דאַרף לאַכען, אָדער פֿערקעהרט — און מיר פּאַטשען איהם ד אָ ך בראַוואָ! וואָלט איהר אייראָפּעאישע משכילים דאָס געטהון? חלילה! אַזוי הויך שטעהט איהר נאָך ניט. אָבער מיר אַמעריקאַנער, מיר טהוען דאָס, ווייל מיר זענען דורך־און דורך ר ח מ נ י ם, ווייל מיר זענען עכטע יודישע פּאַטריאָטען, ווייל מיר זענען אמת'ע משכילים. מה רַעש אַז אונזערע "קינסטלער" פֿערשטעהען נישט שעקספּיר'ס און שילער'ס עִבְרִי? אָבער זיי זענען דאָך י ו ד ע ן, יודען יוֹצְאֵי יֶרֶךְ אברהם אבינו, פֿאַר וואָס זאָלען מיר אויף זיי קיין רחמנות נישט האָבען און זיי נישט פֿערגינען דאָס שטיקל ברויט?

מיר זענען ביישנים און די מדת הביישנות אונזערע האָבען פֿיעל פֿון אונזערע "דראַמאַטורגען" וייער לעבען צו פֿערדאַנקען. מיר ש ע מ ע ן זיך אויפֿצוהויבען שטיינער און שטיקער ציעגעל, כְּדֵי דָן צו זיין בִּסְקִילָה (אָדער אפשר נאָר מיט אַלע אַרְבַּע מִיתוֹת בֵּית־דִין צוזאַמען) מאַנכען טהעאַטערפּערפֿאָסער. וואָס טראַקטירט אונז מיט אַ שטיק, פֿון וועלכע מיר בעקומען אַ מאָגענקאַטאַר, רחמנא־לצלן, אויף אַהאַלב יאָהר. אָה, מיר קענען אייך גוט אייראָפּעער! ביי אייך עפּיס אַ האָר אָן אַוייט, איז גלייך נאַ־קולאַטשקי! אין אייך קאָכט (ניט פֿאַר אונז געדאַכט!) די רְצִיחָה פֿון איין עֲמָלֵק. ווען איהר וואָלט געזעהן דעם שמוץ, וואָס אַ ש י י ק ע ו ו י ט ש, אַ ה ע ר מ אַ ל י ן, אָדער אַ ט ע ו ר ברייננט ארויף אויף די יודישע סצענע, וואָלט איהר די בּ וּ ש ה אוועקגעלייגט אָן אַוייט און איהר וואָלט זיי, די דראַמאַטורגען, מְכַבֵּד געווען נאָך זייער פֿערדינסט.

מיר זענען ג וֹ מ ל י ־ ח ס ד י ם: מיר טהוען אַ חסד של אמת מיט יעדען מת, מיט יעדען בַּר־מִינָן. מיר לאָזען קיין "פּערפֿאַסער" ניט שטאַרבען. חאָטש דער פּולס איז שוין ביי איהם אויסגעגאַנגען, חאָטש זיין האַרץ שטעהט שוין שטיל און חאָטש זיין בלוט צירקוליערט שוין נישט אין זיינע אֵבָרִים. עס זענען דאָ דראַמאַטורגען, וואָס שטאַרבען צוזאַמען מיט זייער ערשטער דראַמע, אָבער מיר בעגראָבען זיי נישט ווי איהר, אייראָפּעאישע רשעים, וואָלט דאָס געטהון. מיר, מיט אונזער אַמעריקאַנישער השכלה, גלויבען אין הַשְׁאָרַת הַנֶּפֶשׁ. מיר באַלזאַמירען זיי איין אויף אַ קורצע צייט און אין אַ חוֹדֶשׁ, אָדער אין צוויי חֳדָשִׁים ארום ברייננען אונז די מומיעס וויעדער עפּיס אַ נייעס, און חאָטש מיר ווייסען לכתחילה, אַז דאָס איז וויעדער אַ מפּיל־קינד פֿון ש י י ק ע ו ו י ט ש. געהען מיר גְדוּדִים גְדוּדִים אין טהעאַטער, מיר דונערן איהם צו מיט שִׁשִׁים רִבּוֹא אַפּלאָדיסמענטען און מיר רופֿען איהם ארויס צעהן מאָל נאָך אייגאַנדער פֿאַר'ן פֿאָרהאַנג.

און מיינט איהר אפשר, אַז ביי אונז איז קיין קריטיק נישטאָ? אויב איהר מיינט דאָס, האָט איהר אַ טעות גמור. אָט די דאָזיגע מכה, ניט קוקענדיג אויף דעם שטרענגען קאַראַנטין, מיט וועלכען מיר אַמעריקאַנער היטען אונזערע ברעגען, האָט דאָך אַריינגעדרונגען אין אונזער מְחִיצָה. זי איז, בַּעֲוֹנוֹתֵינוּ הָרַבִּים, צו אונז אַנגעקומען פֿון אייערע מקומות און זי מאַטערט זיך מיט'ן נאָל אונזער יודישע סצענע אומצואַנדערשען. אָט די דאָזיגע קריטיקער טענה'ן אייערע טענות. זיי זאָגען, אַז אַ טהעאַטער־שטיק מוז האָבען אַ געוויסען ליטעראַרישען ווערטה, זי מוז ריין זיין פֿון בַּדְחָנוּת און גראָבקייט, זי מוז געבויט זיין אויף אַ געוויסען רעיון, אויף אַ געוויסער אידעע; זיי זאָגען ווייטער, אַז אין יעדען טהעאַטער־שטיק מוז זיך אָבשפּיעגלען דאָס וואַהרע לעבען אַז די גאַנצע האַנדלונג, וואָס עס קומט אין איהר פֿאָר, מוז זיין, פֿון אָנהויב ביז'ן סוף, נאַטירליך, אָהן נִסִים וְנִפְלָאוֹת, אָהן איבערנאַטירליכע ערשיינונגען, אָבער מיר הערען זיי, די קריטיקער, ווי דעם קאָטער. מיר זענען אַליין די קריטיקער. אַ סימן האָט איהר: מ י ר געהען דאָך אין טהעאַטער און מ י ר צאָהלען דאָס געלד!

בענרינדען און צו פערטיפען דעם ציוניסטישען רעיון, זיי דארפען זיך פערנעהמען מיט אלע זייטען פון יודישען לעבען און בעקאנט מאכען זייערע לעזער מיט דער יודישער געשיכטע און ליטעראטור. דער רעפערענט שטעלט אויך דעם אנטראג, אריינצוטרעטען אין פערבינדונג מיט די הערויסגעבער פון „יוד", די צייטונג זאל ברענגען מעהר ידיעות איבער גאליציען, און אז דערפאר זאלען זיך די ציוניסטישע חברות פערנעהמען מיט דער פערברייטונג פון „יוד" אין גאליציען.

די החלטות:

1. עס ווערט געגרינדעט איין רעדאקציאנסקאמיטעט, וואס שטעהט אונטער דער השגחה פון דעם צענטראלקאמיטעט אין לעמבערג.

2. דער הערויסגעבער־פעריין אין לעמבערג זאל שטעהן אונטער דער השגחה פון דעם צענטראלקאמיטעט. אלע גאליצישע ציוניסטישע חברות ווערען אויפגעפאדערט דעם פעריין צו אונטערשטיצען.

3. עס ווערט דעם צענטראלקאמיטעט פארגעשלאגען ארויסצוגעבען קליינע בראשיורען אין זשארגאן, וואס זאלען אויך בעהאנדלען ווירטשאפטליכע פראגען.

אגיטאציאן.

אין דעם פונקט האט די לעמבערגער אסיפה קיין נייעס ניט אויפגעטהון. דער רעפעראט פון דר. נאבעל איבער אגיטאציאן האט נור אויסגערעכענט אלטע, אלעמען גוט בעקאנטע מיטלען.

די פערברייטונג פון דער העברעאישער שפראך.

דער רעפערענט לעביל טויבעס געפינט, אז עס ווערט צו וועניג געטהון פאר די פערשטארקונג פון דעם נאציאנאלגעפיהל אין יודישען פאלק, דאס בעסטע מיטעל צו דער בעלעבונג פון דעם יודישען גייסט איז די פערברייטונג פון העברעאיש, וועלכע איז אונזער נאציאנאל־שפראך און איין באנד, וואס פעראייניגט אונז מיט די יודען פון דער גאנצער וועלט.

די החלטות:

1. די אסיפה ערקענט די גרויסע וויכטיגקייט פון דער נאציאנאלער ערציהונג פאר יודישע קינדער.

2. די אסיפה האלט פאר וויכטיג די גרינדונג פון יודישע פאלקסשולען.

3. די גאליצישע ציוניסטען דארפען זיך סטארען דורכצופיהרען ביי די משגיחים איבער די שולען פון באראן הירש, אז עס זאל אין די דאזיגע שולען נעלערענט ווערען די העברעאישע שפראך מיט אלע קינדער (ביז איצט לערנט העברעאיש אין די הירשעשע שולען נור דער, וואס וויל).

4. עס ווערט געפינען פאר ניצליך צו גרינדען אומעטום חברות צו לעזען און רעדען העברעאיש.

קאלאניזאציאן.

רעפערענט דר. ראפאפארט. די החלטות:

1. די אסיפה דריקט אויס איהר וואונש, אז די יורישע קאלאניאלבאנק זאל אנהויבען איהר ארבייט אין די קאלאניעס.

2. די אסיפה דריקט אויס איהר הסכם מיט דער קאלאניזאציאנסארבייט פון די חובבי ציון.

3. די אסיפה דריקט אויס איהר האפענונג, אז יק"א וועט זיך מעהר אבגעבען מיט דער אובייט אין ארץ ישראל און אז זי וועט זיך בעמיהען צו פערבעסערן די לאגע פון דער קאלאניזאציאן.

4. די אסיפה פאדערט אויף די ציוניסטען, אז זיי זאלען קויפען אתרוגים נור פון ארץ ישראל.

---

ביי אייך, אין איראפא, געהט ארום א גלייכווערטיל: "אז גאט וויל, קען א בעזים אויך שיסען". די גאנצע צייט, וואס איך האב געלעבט אין איראפא, האב איך אזעלכע "וואונדער־בעזימער" נישט געזעהן, אבער דא ביי אונז, אין אמעריקא, זעה איך די דאזיגע בעזימער למאות ולאלפים, און הערט א חידוש! גאר אהן גאטס רצון, גאר אהן זיין השפעה קענען זיי ניט נור שיסען, זיי קענען אויך דראמאטורגען זיין. מיר האבען דא ביי אונז א גאנצען פולק דראמענמאכער, וואס ביי זיי איז דער כח־המוליד זעהר שטארק ענטוויקעלט און וואס קעלבען זיך אב מדי חודש בחדשו מיט א נייער דראמא. אין פלוק איז דאס אבער לחלוטין גאר קיין חידוש נישט. מיר אמעריקאנער, פערשטעהט איהר מיך, מיר שטעהען אויף א העכערן גראד פון קולטור פון אייך אייראפעער, מיר שטעלען נישט אזעלכע גרויסע פארדערונגען ווי איהר און מיר זענען זיך נישט מדקדק כחוט השערה מיט אונזערע מחברים. אמעריקא, ווי אייך איז מסתמא בעקאנט, איז איין לאנד פון פרייהייט, און דערום איז אלעם ביי אונז פריי, אפילו די דראמאטורגיע. וויל א בעזים שרייבען א דראמא, פרעגט ער ביי קיינעם קיין דעה און שרייבט. פאלט דורך, בעונותינו הרבים, די ערשטע דראמע, שרייבט ער א צווייטע, א דריטע, א פיערטע, א. ז. וו. עד סוף כל הדורות און בעקומט פון דעם עולם דעם טיטעל: „דער וועלטבעריהמטער, אלגעמיין בעליעבטער, נאך ניע דאגעוועזענער, האכגעלעהרטער ליטעראט, פסיכאלאג און דראמאטורג יעקב טער", אדער: "אונזער יודישער שעקספיר ד. הערמאלין", אדער: "דער צווייטער וויקטאריען סארדו נחום מאיר שייקעוויטש". נו? פערשטעהט איהר שוין דעם אונטערשיעד צווישען אונז און אייך? ביי אייך וואלטען די דאזיגע בעזימער קיין תקומה נישט געהאט, זיי וואלטען געבליבען דאס, צו וואס די נאטור האט זיי געשאפען און איהר וואלט מיט זיי די מיסט פון גאס ארויסגעקעהרט. און ביי אונז פערריכטען די דאזיגע בעזימער צוויי שליחות מיט איינמאל: ערשטענס, "מאכען" זיי רייך אונזער אמעריקאנישע ליטעראטור, און צווייטענס קעהרען זיי ארויין די מיסט פון גאס אין טהעאטער.

ווי איך האב אייך שוין פריהער געזאגט, האבען מיר אמעריקאנישע יודען זיך ארומגערינגעלט מיט א שטרייגנען קאראנטין, אז די אייראפעאישע קליפה זאל צו אונז חלילה נישט צוקומען. דאס, וואס איהר רופט אן ליכט, איז אונז זעהר שעדליך פאר אונזערע אויגען, און אייער השכלה איז א מין מאכל, וועלכען אונזער אמעריקאנישער מאגען קען בשום אופן נישט פערדייהען. צו אונזער בעדויערען האט מען דעם קאראנטין דורכגעבראכען און מען האט אונז אריינגעשמוגעלט א שטיק פון אייער קולטור ווי א שטיק קאנטרעבאנד. איינער, א רוסישער שרייבער מיט דעם נאמען: יעקב נארדין, האט גרויס חשק בעקומען אונזער יודישען טהעאטער אין גאנצען איבערצואנדערשען און האט זיך גענומען צו דער ארבייט מיט דער ענערגיע און מיט דער התלהבות, וואס איז מצוי ביי אלע אייערע רוסישע אידעאליסטען. מיר האבען איהם אפילו מזהיר געווען בשבע אזהרות, אז ער זאל דאס נישט טהון, ווייל זיין ארבייט וועט זיין גאר אומזיסט, אבער געה און זעטץ ארויף א נייעם קאפ אויף די פלייצעס פון א רוסישען משכיל, פון א רוסישען אידעאליסט! אין נו־יארק זענען דא דריי יודישע טהעאטערס, אין נו־יארק לעבען קרוב פון א האלבען מיליאן יודען, אין נו־יארק זענען דא אזעלכע גרויסע יודישע אקטיארען און אקטריסעס, ווי צום ביישפיעל: יאקאב אדלער, ב. טהאמאשעווסקי, ד. קעסלער, ז. מאגולעסקו, ל. בלאנק, מאשקאוויטש, טארנבערג, ב. בערנשטיין, מאדאם ק. ליפצין, מאדאם ב. קאליש, מאדאם אדלער, מאדאם ב. טהאמאשעווסקי, מאדאם פינקעל, מאדאם ווילענסקי, מאדאם עפשטיין און פיעלע אנדערע, מיט וועלכע עס וואלטען געשטאלצירט די אמעריקאנישע ענגלישע און דייטשע טהעאטערס, דער פון האט ער, יעקב גארדין, געדרונגען, אז מען קען די יודישע סצענע א סך

אין דעם צענטראלקאָמיטעט פון די גאַליצישע ציוניסטען זענען אויסגעקליבען געוואָרען די דאָזיגע הערען: דר. ד. מאליץ, דר. א. קארקים. דר. ל. גאָלדוואסער, דר. ש. ראפאפארט, א. שטאנד. י. ל. ליפשיץ, ד. שרייבער און דר. מ. מארגעל.

אין דער קאָנפערענץ האָט אויך טהייל גענומען איין פערטרעטער פון דעם עסטרייכישען לאַנדעס־קאָמיטעט אין וויען, הערר א. ר י י ך.

---

## די יאהרליכע אספה כללית פון דער חברה יק״א.

דעם 16 יוני איז געווען אין פ א ר י ז איין אַסֵפָה כְּלָלִית פון דער חברה יק״א, אויף וועלכער עס זענען געקומען, אויסער די מיטגליעדער פון דעם פאריזער קאָמיטעט, אויך די פאָרשטעהער פון די יודישע קְהִלּוֹת, וועלכע האָבען בעקומען פון ב א ר אָ ן ה י ר ש אַטהייל אַקציעס פון דער חברה: און נעמליך נארסים ל ע װ ע ן אלם פרעזידענט, ר׳ צ ד ו ק כ ה ן אלם פערטרעטער פון דער חברה ״כָּל יִשְׂרָאֵל חֲבֵרִים״, גענעראַל־קאָנזול פ י ל י פ ז א ה ן — פון דער יודישער קהלה אין בריסעל, דר. פ ל א ט ק ע פון דער פראַנקפורטער קהלה, ק ל א ד מ א נ ט י פ י א ר י — פון דער ענגליש־יודישער פעריינינונג, ג. ק א ה ן, ה. ג. ל ו ז א ד א און ש ל מ ה ר י י נ אַ ך אלם מיטגליעדער פון קאָמיטעט, די דירעקטאָרען: ז א נ ע נ־ פ ע ל ד, אַ ד ל ע ר און מ א י ר ז א ה ן א. ז. וו.

אויף דעם נייען יאָהר זענען וויעדער אויסגעקליבען געוואָרען די פריהערינע מיטגליעדער פון קאָמיטעט.

עס איז פאָרגעלייענט און בעשטעטינט געוואָרען צום פערעפענטליכען דער יעהרליכער דין־וחשבון פון 1900 יאָהר, פון וועלכען מיר נעהמען אַרויס די וויכטינסטע יְדִיעוֹת:

### איינלייטונג.

אין דעם יאָהר 1900 האָט זיך אין אַרגענטינא ווייטער פערבעסערט די אַרבייט וועלכע ווערט געפיהרט דורך מ. ס. הירש און ד. קאַזעס. מאיזעסוויל און מויריציא — בעזאָנדערס מאיזעסוויל געפינען זיך אין בעסטען צושטאַנד. די קאָלאָניסטען האָבען כמעט אַלע איינגעצאָהלט זייערע יאָהרליכע ראָטען אויף דעם חשבון פון די חוֹבות, די קאָלאָניעס פון ענטרע־ריאָס, חאָטש זיי געפינען זיך נישט אין אַזא בליהענדען צושטאַנד, האָבען פונדעסטוועגען אויך געמאַכט פאָרשריטע, און די מאָל־קערייען און פיעהצוכט־אַנשטאַלט האָבען געליעפערט נייע הַכְנָסוֹת פאַר די פאַמיליעס, וועלכע האָבען זיך דאָרט בעזעצט. מעהר ווי 200 פערזאָן זענען געקומען אוים רוסלאַנד אויף איינענע הוֹצאוֹת, כְּדֵי צו בעזעצען זיך אין די קאָלאָניעס, די קאָלאָניע צ ע ב אַ ל ל אָ ס איז שוין איינגעאָרדענט אַם בעסטען.

די ״חברה צו העלפען יודישע ערדאַרבייטער״, וועלכע מיר האָבען געשאַפען אין די פעראייניגטע שטאַטען אין פערבינדונג מיט דעם ב אַ ר אָ ן ה י ר ש־פ אָ נ ד״ האָט לְעֵת־עַתָּה נאָך נישט געבראַכט די געווינשטע רעזולטאַטען.

אין ק א נ א ד א איז די קליינע הירש־קאָלאָניע געוואָרען בעפעסטיגט אָהן גרויסע הוצאות און מיר האָבען דאָרט פערקלענערט די אדמיניסטראַציאָן ווי ווייט מעגליך.

אין דעם יאהר 1900 האָט אונז באַראָן עדמונד ראָטשילד אָבגעטרעטען די קאָלאָניעס, וועלכע ער האָט געשאַפען אין פאלעסטינא. דאָס יאָהר איז אוועקגעגאַנגען אין ברענגען אָרדנונג אין די קאָלאָניעס, די רעפאָרמען, וועלכע דער גרינדער פון די קאָלאָניעס האָט אָנגעהויבען, זענען שוין אויפ׳ן וועג אויסגעפיהרט צו ווערען.

---

א סך לייטישער מאַכען, ווען מען זאָל פאַר די אַקטיאָרען און פאַר דעם עולם שרייבען גוטע טהעאַטער־שטיק, און ווייסט איהר, וואָס ביי איהם הייסט אַ ״גוטעס״ שטיק? חלעבען, עס איז גאָר אַ חרפה צו זאָגען! ביי איהם הייסט אַ ״גוטעס״ שטיק — אַזא, וועלכע קען אייך אָפּער געפעלען, כלומר אַ שטיק, וואָס זאָל זיין דורכגעקנעטען מיט נ אַ ט ו ר ל ע ב ע ן, וואָס זאָל פאָרשטעלען עכטע כאַראַקטערען און וואָס זאָל אין זיך נישט האָבען קיין ברעקיל מת, קיין פיטצעל בר־מִינָן, קיינע מְכַשְּׁפִים און קיין ״העלדען״, וואָס הרג׳ענען אוים מיט איין מאָך פון זייער שווערד ששים רבוא רוימער און קאָזאַקען, ווי דאָס קומט פאָר אין די ״דראַמען״ פון אַנדערע מחברים. אין אָנפאַנג איז זיין פלאַן זעהר שטאַרק געפעלען געוואָרען און די אַקטיאָרען, וואָס האָבען אויך שטאַרק חשק געהאַט די סצענע צו פערבעסערן, האָבען איהם אין זיין פלאַן שטאַרק אונטערשטיצט. אין דעם משך פון עטליכע יאָהר צייט האָט אונז ה׳ יעקב גאָרדין אָנגעשריעבען עטליכע שענע דראַמען, פון וועלכע די קריטיקער האָבען געמאַכט אַ צימעס, פון וועלכע די דאָקטוירימליך, די יוריסטעליך און די ליטעראַטעליך האָבען געלעקט די פינגער, און ביי וועלכע מיר, דאָס הייסט: די טהעאַטער־בעזוכער, האָבען געשלאָפען מיט דעמזועלבינען געשמאַקען שלאָף, מיט וועלכען מיר שלאָפען איין ביי דעם תיקון־שבועות.

נו? זענען מיר ניט חכמים? זענען מיר ניט אמת׳ע פראַקטישע אַמעריקאַנער? שאָקלען מיר אייך אייראָפּעער ניט אוים פון אַרבעל צוזאַמען מיט אייער פערשימעלטער השכלה, צוזאַמען מיט אייער אָבגעלעבטער קולטור? ווען איהר וואָלט געזעהן אַ דראַמאַ פון ה׳ יעקב גאָרדין׳ן וואָלט איהר הייזעריג געוואָרען שרייענדיג: ״הֵידָד!״ און אייערע הענד וואָלטען בְּפוֹעַל מַמָּשׁ געשוואָלען געוואָרען פון פאַטשען בראַוואָ, און מיר, ווען מען פיהרט אויף ה׳ יעקב גאָרדינ׳ס אַ שטיק, זאָגען מיר: הַכָּבֵד וְשֵׁב בְּבֵיתֶךָ! מיר ריהרען זיך נישט פון אָרט און מיר פערשליסען אונזערע קעשענעם מיט זיעבען שלעסער. מיר ווייסען שוין פון פריהער, אַז אין יעקב גאָרדינ׳ס אַ שטיק וועלען מיר זעהן דעם געמטע ״ווירקליכקייט״ און די עבודה־זרה ״נאַטור און לעבען״, וועלכע איבסען און אַנדערע גרויסע שרייבער האָבען אַרויפגעפיהרט אויף די סצענע ביי די אומות העולם. דערפאַר אָבער איז ביי אונז ״לַיְּהוּדִים״ ווען מען טראַקטירט אונז מיט אַ ״פיעסנע״ פון שייקעוויטש, פון יעקב טער, אָדער פון ד. הערמאַלין. אָט דאַמאָלס זענען מיר ווי די פיש אין וואַסער. מיר וואַרפען זיך אויף די טהעאַטער־קאַסע און רייסען די בילעטען ווי מצה־וואַסער, ווייל מיר ווייסען שוין, אַז אין די דאָזיגע ״פיעסענעס״ וועלען מיר זעהן נסים ונפלאות ווי ביי יציאת־מצרים. מיר וועלען זעהן ווי אַ בת־מלכה פלעכט שטריק פון לעבעדיגע שלאַנגען און שמייסט מיט זיי די רוימער, וואָס זענען געקומען חרוב מאַכען דעם בית־ראשון; מיר וועלען זעהן ווי אלכסנדר־מוקדן שפיעלט אַ פאַרטיע שאַך מיט ר׳ שמעון בן חלפתא און פערשפיעלט; מיר וועלען זעהן, ווי יאָקום־בעמבע דער שוסטער פון חאַנדריקעווע פערליעבט זיך אין די פרינצעסין קרינצעקראַנצי פון טעמיר־חאַן־שורא, ווי זי אַנטלויפט מיט איהם אין פומבדיתא און איז זיך מגייר אוים ליעבע צו איהם; מיר וועלען זעהן — נו, וואָס וועלען מיר ניט זעהן?

דרך־ארץ, איהר גראָבע יונגען! דרך־ארץ פאַר אונז אַמעריקאַנער ווער שטעהט העכער אויף דעם לייטער פון השכלה, מ י ר, אָדער א י ה ר?...

נויאָרק, דען 8־טען יוני 1910.

מ. וויפערט.



אין דעם גוט מארגארעט־שפּליק אויף דעם אינזעל ציפּערן האָבען מיר בעזעצט אַ געוויסע צאָהל פון שילער אויס דער שולע ‚מקוה ישראל' אין יפו און אויך ארבייטער פון די פּאלעסטינער קאָלאָניעס.

די קאָלאָניע אור יהודה, וועלכע מיר האָבען ערוואָרבען אין קליין־אזיען, האלט אין וואקסען, און די לאַנדווירטשאַפּטליכע שולע, וועלכע מיר האָבען דאָרט געשאַפען, האָט בעקומען די ערשטע פּארטיע שילער.

אין רוסלאַנד, אויסער אונזערע בעמיהונגען צו שטיצען די טעכנישע און לאַנדווירטשאַפּטליכע בילדונג, האָבען מיר איינגעפיהרט וויכטיגע פערבעסערונגען אין די לאַנדווירטשאַפּטליכע פערמען אין מעריב־רוסלאַנד, און די רעגירונג איז געוועזען זעהר צופריעדען מיט אונזער ארבייט. אונזערע היגיענישע הייזער אין ווילנא זענען נעענדיגט און זענען פערנומען מיט ארבייטער פאַמיליעס, וועלכע געפינען דאָרט געזונטע און בילינע וואָהנונגען. אונזער שפּינעריי אין דובראָוונא זענען מיר נאָך נישט געווען אומשטאַנד צו עפנען, נאָר מיר וועלען קירצליך צוטרעטען צו דער ארבייט.

מיר האָבען געמוזט איינאָרדנען די עמיגראַציאָן אויס רומעניען. עס איז אונז געלונגען צו פערהיטען אַז די פּארטען פון די פעראייניגטע שטאַאַטען זאָלען נישט ווערען פערשפּערט פאַר די עמיגראַנטען, און האָבען בעזעצט אַ טהייל פון זיי אין קאַנאַדא, ארגענטינא, און אויסטראַליען, מיר האָבען אויך פּארטגעזעצט אונזער ערציהונגס ארבייט אין רומעניען און געבראַכט דערצו, אַז אין פיעל שולען איז איינגעפיהרט געוואָרען אַ נייעס פּראָגראַם.

אונזערע קרעדיט־פעריינען אין גאַליציען האָבען געטהון פיעל טובות די קליינע פּאַבריקאַנטען. מיר האָבען אויך דאָרט געגרינדעט אַ שול־פערמע.

מיר שטיצען די לאַנדווירטשאַפּטליכע און טעכנישע שולען פון דער חברה כל ישראל חברים און זייערע שולען אין פּרס.

## I. ארגענטיניא.

במשך פון דעם 1900 יאָהר האָט זיך פיעל פערבעסערט דער שטאַנד פון אונזערע 2 ארגענטינער קאָלאָניעס מוריציא און בעזאַנדערס מאַיזעסוויל אַזוי, אַז מיר קענען שוין זיין רוהיג פאַר זייער צוקונפט. אין ענטער־ריאָס זענען די תבואות אויף די פעלדער נישט געראָטען, אָבער כמעט אַלע בויערען אין דער דאָזיגער פּראָווינץ האָבען געליטען פון ניט גרעטעניש, אַזוי אַז די רעגירונג האָט געמוזט טראַכטען וועגען הילף פאַר זיי. פּונדעסטוועגען וועלען אונזערע קאָלאָניסטען נאָך האָבען גענוג פאַר זייער אויסקומען, אַ דאַנק דער הכנסה פון פיהצוכט און מאָלקערייען. די פיעהצוכט אין צעבאַללאָס האָט אָנגעהויבען צו ברענגען ריוח.

עס איז געווען אין די קאָלאָניעס איין עפּידעמישע קראַנקהייט אויף פיעה, נאָר ווייל די קאָלאָניסטען האָבען זעהר פיעל זיך אָבגעגעבען מיט די קראַנקע פיעה, זענען נור ווייניג פון זיי געפאַלען.

די ממשלה האָט אונז אויך ווייטער ערוויזען איהר פריינדליכקייט. זי האָט ערלייכטערט דאָס בעזעצען זיך פון נייע פאַמיליען אין מאַיזעס־וויל און בעשטימט אַ פּאָליציי קאָמיסאַר פאַר די קאָלאָניעס.

(פאָרטזעטצונג קומט).

---

# פאליטישע איבערזיכט.

אַ נייער דרייבונד.— איין נאַציאָנאלבאַנק מיט פּאליטישע צוועקען.— אמעריקא בנוגע צו איהרע קאָלאָניעס.

דער שטרייט צווישען די פערשידענע עסטרייכישע נאַציאָנען האָט ארויסגערופען אין איין זייט אַ פּאַרטיי, וועלכע רופט זיך די אַלדייטשע און וועלכע זאָגט גאַנץ אָפען, אַז די עסטרייכישע דייטשען דאַרפען אין גאַנצען צושטעהן צו דייטשלאַנד, און פון דער אַנדער זייט האָט דער נאַציאָנאלער שטרייט ארויסגערופען ווי אין אונגאַרן אַזוי אויך צווישען די סלאַווען אַ בעוועגונג געגען יעדען צובונד צו דייטשלאַנד. ווי די אַלדייטשע אַזוי אויך די געגענדייטשע בעוועגונג זענען ביידע גלייך שעדליך פאַר די איינהייט פון דער עסטרייכישע מלוכה: די ערשטע וויל אָבצורייסען די דייטשען, די אַנדערע וויל אָבצורייסען די אונגאַרן און סלאַווען. כדי אָבצושוואַכען די דייטשע הערשענדע פּארטיי, סטאַרען זיך די פיינד פון דער עסטרייכישע מלוכה זי אָבצורייסען פון דעם דרייבונד און זי צו פיהרען צו אַ בונד מיט רוסלאַנד און פראַנקרייך. דורך דעם וואָלט די הערשענדע ראָליע פון די דייטשען איבערגעהן צו די אונגאַרען און סלאַווען.

דער דאָזיגער פערלאַנג איז גאַנץ אָפען אויסגעדריקט אין אַ פּאָליטישע בראָשיורע, וואָס איז איצט ארויסגעגעבען געוואָרען פון אַ געוויסען רימלער, וואָס איז געוועזען בעאַמטער אין עסטרייכישען מיניסטעריום פאַר אויסלאַנד. רימלער טרעט ארויס מיט פיעל ענערגיע פאַר אַ בונד מיט רוסלאַנד און פראַנקרייך. ער ציהט אריין אין זיין פּאָליטיק דעם רוסישען קייזער און פערלאַנגט פון איהם, ער זאָל קומען קיין וויען און מיט זיין מעכטיגען וואָרט מאַכען אַ סוף פון דעם בונד מיט דייטשלאַנד. אין זיין בראָשיורע דערציהלט רימלער ווייטער פון דעם בעקאַנטען בודאַפּעשטער דעפּוטאַטען הערדן אוגראָן, אַז ער האָט פערהאַנדעלט מיט דעם פראַנצויזישען מיניסטער פאַר אויסלאַנד העררן דעלקאַססע, אום איהם צו געווינען פאַר אַ נייעס דרייבונד צווישען עסטרייך־אונגאַרן, פראַנקרייך און רוסלאַנד.

די בראָשיורע האָט אָנגעמאַכט פיעל לאַרם. ה. אוגראָן האָט געפונען פאַר נייטהיג ארויסצוגעבען איינינע ערקלערונגען, פון וועלכע מיר דערגעהען איינינע נייע אינטערעסאַנטע פאַקטען. ה. אוגראָן דאַרף זיין פּאָליטיק ניט אָבלייקענען, ווייל ער האָט זיינע מיינונגען וועגען דער נייטהיגקייט פון אַ בונד מיט פראַנקרייך און רוסלאַנד ניט איינמאָל אויסגעדריקט אין אונגאַרישען פּאַרלאַמענט. ה. אוגראָן מיינט, אַז עס ליגט אַ גרויסע סכנה פאַר זיין לאַנד אין דער פערשטאַרקונג פון די דייטשען, וועלכע נעהמען אַליך אריין אין זייערע הענד. כדי צו פערשטאַרקען די נאַציאָנאַלע אונגאַרישע פּאַרטיי, מיינט ער, דאַרף דאָס לאַנד בעפרייט ווערען פון די דייטשע קאַפּיטאַלען. צו דעם צוועק האָט ער פאָרגעשלאָגען צו גרינדען איין אונגאַרישע באַנק, וועלכע זאָל קענען ווערען אַ מיטעל פאַר די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק, ווייל אַ טהייל פון די רוחים וואָלט נאָך דעם פערלאַנג פון דעם אויפזיכטס ראַטה געהערט דער אונגאַרישער פּאַרטיי. הערר אוגראָן האָט זיין פּראָיעקט פאָרגעלעגט דעם פראַנצויזישען מיניסטער און איהם געבעטען, ער זאָל געווינען פאַר די באַנק פראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטען. דאָס וואָלט געווען דער ערשטער שריט צו דער פעראייניגונג צווישען אונגאַרן און פראַנקרייך. הערר דעלקאַססע האָט גאַנץ גוט אויפגענומען דעם פּראָיעקט מיט די פּלאַנען פון הערר אוגראָן, ער האָט איהם אָבער געזאָגט, דאָס ער פערשטעהט זעהר ווייניג אין פינאַנץ־זאַכען און האָט צו איהם געשיקט אַ דירעקטאָר פון אַ גרויסער פראַנצויזישער באַנק. דער פינאַנסיסט האָט שוין אוגראָנס פּראָיעקטען אויפגענומען גאַנץ אַנדערש, ער האָט ניט איינגעזעהן די מעגליכקייט ווי זיי דורכצופיהרען, און די פראַגע איז דערווייליגע געבליבען אונבעשטימט.

אַ בונד מיט פראַנקרייך און רוסלאַנד איז ניט געשלאָסען געוואָרען, און די גרויסע מעדהייט, וואָס האָט ניט לאַנג אויסגעדריקט

איהר צופרידענהייט מיט דער פאליטיק פון דעם גראפען גאלוכאווסקי זיכערט די שטארקייט פון דעם בונד צווישען עסטרייך און דייטשלאנד אויך אויף ווייטער.

קען מען פעראייניגען צוזאמען גלייכהייט מיט אונגלייכהייט ? אזא פראגע איז געשטעלט געווארען פאר די פעראייניגטע שטאטען פון אמעריקא. די דאזיגע רעפובליק האט תמיד שטאלצירט מיט דער פרייהייט און גלייכהייט, וועלכע געניסען אלע איהרע אונטערטהאנען. איצט אבער, אז די פעראייניגטע שטאטען האבען ערווארבען פון שפאניען די פיליפין־אינזלען אין אזיען און די אינזעל פארטאריקא אין אמעריקא (קובא קריגט איין אייגענע רעגירונג) איז ענטשטאנען די פראגע, זאל מען די איינוואהנער פון די אנגערופענע אינזלען געבען גלייכע רעכטע מיט אלע אמעריקאנער אדער ניט. די תשובה אויף די פראגע האט געדארפט געבען דער העכסטער בית דין פון דער אמעריקאנישער רעפובליק, וועלכען געהערט אויך דאס רעכט צו ערקלערען די געזעצען פון לאנד. דער בית דין האט געענטפערט, אז אזוי ווי מען קען ניט געבען א פרעמדער בעפעלקערונג די מעגליכקייט צו ווירקען אויף די געזעצען פון די פעראייניגטע אמעריקאנישע שטאטען, ווערלען דערום די איינוואהנער פון די נייע אמעריקאנישע לענדער ניט קריגען דאס רעכט טהייל צונעהמען אין דעם אמעריקאנישען פארלאמענט; די פיליפינען און פארטאריקא ווערלען קריגען זייערע גענעראל־גובערנאטארען און זייער פערוואלטונג פון אמעריקא, אויך זייערע געזעצען וועלען זיי קריגען פארגעשריבען פון דעם אמעריקאנישען פארלאמענט.

מיט דעם מאכען די פרייע פעראייניגטע שטאטען דעם ערשטען שריט צו אונטערשיידען צווישען זייערע אייגענע איינוואהנער און צווישען זייערע נייע אונטערטהאנען אין די נייע איינגענומענע לענדער, און דאס טהוט א לאנד, וועלכעס איז אליין אמאל געוועזען א ענגלישע קאלאניע און נור דערום מורד געוועזען אן ענגלאנד, ווייל עס האט ניט געוואלט בעהערשט ווערען פון פרעמדע. דער יסוד פון פרייהייט, גלייכהייט און זעלבסשטענדיגקייט, אויף וועלכען עס איז אויפגעבויט געוועזען די אמעריקאנישע רעפובליק, הויבט אן פערגעסען צו ווערען בנוגע צו פרעמדע. די קאלאניע, וואס האט מלחמה געהאלטען פאר איהר פרייהייט, הויבט אן מלחמות צו האלטען, אום צוצונעהמען די פרייהייט און זעלבסשטענדיגקייט פון אנדערע, און נאך מעהר, זי גיט אפילו ניט איהרע נייע אונטערטהאנען די גלייכע רעכטע ווי איהרע אונטערטהאנען אין איהר אייגענעם לאנד. י. ל.

---

# אַחַד־הָעָם און זַיְנֶע אִידֶעֶן.

I.

יעדער ציוניסט, וועלכער נעמט איין אנטייל אין דער ציוניסטישער בעוועגונג, ווייס אז אין ציוניזם זענען דא צוויי פערשיעדענע ריכטונגען, נעמליך א פאליטישע און א קולטורעלע. דער „אֲנִי מַאֲמִין“ פון פאליטישען ציוניזם איז איין מאל פאר אלע מאל אנגענומען געווארען אויף דעם ערשטען באזעלער קאנגרעס מיט די ווערטער: „דער ציוניזם ערשטרעבט פאר דאס יודישע פאלק די שאפפונג פון א עפפענטליך רעכטליך געזיכערטער היים אין פאלעסטינא“. דאס יודישע פאלק איז אומעטום פרעמד, ווערט אומעטום פערפאלגט, פערשטויסען, אויסגעשלאסען פון א יעדען אנטייל אין געזעלשאפטליכען און פאליטישען לעבען פון די אייראפעאישע פעלקער, און דערום מוז עס זעלבסשטענדיג ווערען, עררייכען זיין אונאבהייניגקייט אין זיין אייגען לאנד. לויט דעם באזעלער פראגראם איז דער ציוניזם נור א פראדוקט פון צוואנג און דרוק פון אויסענוועניג. ווען דאס יודישע פאלק וואלט געזעסען בשלוה און גענאסען אין אייראפא אלע בירגערליכע און פאליטישע רעכטע, וואלט עס בוודאי ניט נייטיג געהאט צו זוכען „א זיכערע היים“ און ממילא וואלט אויך פון ציוניזם קיין זכר ניט געוועזען, אדער ווענינגסטענס ניט אין דער איצטיגער פארם. — דאס איז דער פאליטישער ציוניזם. דער קולטור־ציוניזם האט ניט געהאט די זכיה אויסגעדריקט צו ווערען אין קורצע ווערטער, וואס יעדער ציוניסט זאל עס קענען אויסלערנען אויסוועניג, און דערום זענען זיינע בעשטרעבונגען ווענינגער בעקאנט דעם פאלק. ער ווערט הויפטזעכליך פערפאכטען אין דער העברעאישער ליטעראטור, א ליטעראטור מיט וועלכער, צו אונזער גרעסטען בעדויערן, זענען בעקאנט נור „יחידי סגולה“, דער גרויסער יודישער מאסע אבער שטעהט זי פערשלאסען. און דעריבער איז עס זעהר לייכט צו פערברייטען אין פאלק פערשיעדענע פאלשע מיינונגען איבער דעם ציעל און די פאדערונגען פון דעם קולטור־ציוניזם. כדי צו געבען א ריכטיגע און דייטליכע אויפקלערונג איבער דעם קולטור־ציוניזם ווילען מיר פרובירען בעקאנט מאכען די לעזער פון דעם „יוד“ מיט די אידעען פון זיין הויפטפערטרעטער נעמליך א ח ד־ה ע ם. אחד־העם (איינער פון פאלק) איז דער ליטעראַרישער נאמען פון איינעם פון די גרעסטע העברעאישע שריפטשטעלער פון אונזער צייט, א. גינצבערג, רעדאקטאר פון דעם איינציגען און פארטרעפליכען מאנאטזשורנאל „השלח“. — ווען שריפטשטעלער וואלטען בעאורטיילט געווארען נאך דעם מאס, וויעפיעל זיי האבען אנגעשריבען אין אזא און א א צייט, דאן וואלט אחד־העם ניט פערדיענט איינצונעהמען דעם אויבענאן אין אונזער ליטעראטור, דען אין צייט פון צוועלף יאהר, אין וועלכער אנדערע שריפטשטעלער זענען אומשטאנדע הערפאר צו ברייגנען צעהנדליגע בענדער, האט ער נור אנגעשריבען אייניגע צעהנדליג קליינע ארטיקלען. אבער אין דער ליטעראטור ווערט ניט געוואגען אדער געמאסטען, נאר געשעטצט — און צו שעטצען האבען מיר אין אחד־העם'ס ליטעראַרישע ארבייטען זעהר פיעל. דען זיין יעדעס ווארט איז ריינעס, לויטערעס גאלד; עס איז דורכדרונגען פון גליהענדסטען געפיהל, פון גרעסטע איבערצייגונג און גלענצט אין אלע פארבען פון טיעפסטען און קלארסטען פערשטאנד. דאס נייגצעהנטע יאהרהונדערט האט שווערליך אויפצוווייזען אין דער יודישער ליטעראטור אזא גרויסען פובליציסטען, אזא טיעפען דענקער, וועלכער האט מיט זיי דורכדרינגענדען פערשטאנד ערהעלט און בעלויכטען די פערשיעדענע ערשיינונגען אין יודישען לעבען, די פערשיעדענע צייטען אין דער יודישער געשיכטע. דאס וואס אונז דאכט זיך אז עס איז נור צופעליג און האט ניט קיין צוזאמענהאנג מיט איינאנדער, ערשיינט אין דער בעלייכטונג פון אחד־העם אלס א רעזולטאט פון בעשטימטע געזעצען, וועלכע ווירקען ביי די גלייכע תנאים פון לעבען ביי אלע מענשען און א״ע פעלקער. אחד־העם'ס הויפטפערדיענסט איז, דאס ער האט אויפגעוויזען דאס דער ציוניזם איז ניט קיין פאריבערגעהענדיגע ערשיינונג, וועלכע איז פעראורזאכט געווארען פון פאריבערגעהענדיגע סבות, נאר עס איז א טהייל פון דעם יודישען „איך“ און שטאמט אוים דער טיעפעניש פון דער זעלע פונ'ם יודישען פאלק.

איידער מיר ווערלען אויסאיינאנדערזעצען זיינע געדאנקען איבער דעם ציוניזם, מוזען מיר זיך פריהער בעקאנט מאכען מיט זיין פערהעלטנים צו דער אסימילאציאן, דאס הייסט דער געדאנק אז דאס יודישע

פאלק זאל אויפהערען צו לעבען אלס א בעזונדער נאציאן און דאס עס זאל זיך צומישען מיט די איבריגע פעלקער.

זיין געדאנקענגאנג איבער דער אסימילאציאן איז דער: די עמאנציפאציאן (גלייכע רעכטע), וואס דאס רוב אייראפעאישע פעלקער האָבען געשענקט די יודען אים נייצעהנטען יאהרהונדערט, האט געבראכט די יודען אין גייסטיגע קנעכטשאפט. הונדערטע יאהרען איז דאס יודישע פאלק געלעגען פערשפארט אין די ענגע מויערען פון גהעטא, און אז עס האט ענדליך א־יינגעבראכען צו איהם א שטראהל פון פרייהייט איז עס געבלענדעט געווארען און האט אוועקגעגעבען פאר די גרויסע מתנה פון פאפיר־עמאנציפאציאן, אלץ, אלץ, פאר וואס זיינע עלטערן האבען אזוי לאנג געשטריטען און געליטען די שרעקליכסטע ליידען. די גאנצע אינערע, שענדליכע קנעכשאפט פון אונזערע עמאנציפירצערטע בו־ידער איז געקומען צום פארשיין אין איהר גאנצער אבשטויסענדער נאקעטקייט אין א ליטעראַרישער זאמלונג, וועלכע א יודיש־פראנצויזישע צייטונג האט ארויסגעגעבען מיט צעהן יאהר צוריק לכבוד איהר פופציגיעהריגען בעשטאנד. די זאמלונג, אין וועלכער עס האבען זיך בעטייליגט די בעריהמטעסטע יודישע געלעהרטע און עוסקים בצרכי צבור אין פראנקרייך, האט גענעבען אחד־העם׳ן אנלאס צו זיין גלענצענדען, וואונדערפאלען ארטיקעל "עבדות בתוך חירות" (קנעכטשאפט און פרייהייט). לייענדיג דעם ארטיקעל, נעמט אונז אן א רחמנות, זעהענדיג ווי די אלע "גרויסע און בעריהמטע לייט" ציטערן אויף יעדען שריט און שריט, מע זאל זיי חלילה ניט חושד זיין, אז זיי זענען ניט קיין אמת׳ע פראנצויזען מיט אלע ל״ב פרושים, אז ביי זיי אין הארצען אין א ווינקעלע גלימט נאך עפעס א יודישער פונק, אז זיי האבען נאך עפים א צובונד מיט דער יודישער נאציאן. זעהענדיג ווי זיי קריעכען ארוים פון דער הויט צו ווייזען אז זיי זענען חלילה ניט ז י י, זענען מיר זיי ניט מקנא זייערע אייסערע פרייהייט, פאר וועלכע זיי האבען בעצאהלט אזא שרעקליכען פרייז פון אינערער קנעכטשאפט. אלע די מיטארבייטער פון דער ליטעראַרישער זאמלונג בעמיהען זיך צו איבערציינען פראנקרייך און די גאנצע וועלט, ווי שעדליך דער אנטיסימיטיזם איז פאר דאס פאטערלאנד און פאר די גאנצע מענשהייט. זיי האבען ניט קיין מוטה צו זאגען, ווי וועה דער אנטיסימיטיזמוס טהוט זיי, די י ו ד ע ן — חלילה! מע וואלט זיי דאך געקענט חושד זיין, אז זיי זענען טאקי יודען! "שטעלט אייך פאר — זאגט אחד־העם — עס זענען מיר בעפאלען גזלנים און איך שריי: העלפט, א מענש איז אין א סכנה! איז דאס ניט גענוג ארויפצוווארפען א חוב אויף יעדערען, מע זאל מיר קומען צו הילף? איז דאס ניט א שאנדע, א שאנדע וואס איז ערגער ווי דער טויט, אז איך מוז פריהער בעווייזען אז מיין סכנה איז נוגע א נ ד ע ר ע ן, דעם מענשענגעשלעכט, אקוראט ווי מיין בלוט וואלט ניט געווען רויט סיידען עס איז צומישט מיט אנדערענס בלוט, אקוראט ווי דאס מענשענגעשלעכט וואלט געווען עפים א מין בעזונדער בריאה, און ניט קיין זאמעלנאמען פאר איינציגע פערזאנען, וואס איך בין אויך איינער פון זיי". איינער פון די שרייבערס, דער בעריהמטער פילאזאף אדאלף פראנק, האט בעשלאסען אז אלע יודען, וועלכע געפינען אין וואס פאר א לאנד עס איז די עמאנציפאציאן, דארפען קודם כל דערפאר דאנקבאר זיין פראנקרייך, וועלכע האט אין דער גרויסער רעוואלוציאן די ערשטע געגעבען די יודען אלע רעכטע, און דערום מוזען זיי האלטען פראנקרייך פאר זייער ערשטעס פאטערלאנד און נאכדעם ערשט דאס לאנד, וואו זיי וואהנען. און ירושלים? "ירושלים — ענטפערט פראנק — איז נור דער געבורטסארט פון דעם יודענס זכרונות און אמונה. ער מעג איהר געבען א נ׳אַרט אין זיין גאטעסדיענסט, אבער ער אליין איז א זוהן פון זיין פאטערלאנד". "וועה עם לייענט דורך דעם ארטיקעל ביז צום סוף — בעמערקט אחד־העם — און ווייס, אז דער פערפאסער קומט צום בעשלוס, דאס די יודען האבען א שליחות, וואס זיי האבען מקבל געווען דארטען אין ירושלים, און וואס זיי האבען נאך ניט ערפילט ביז איצט, און צוליעב וועלכער זיי לעבען און מוזען לעבען, ביז זיי וועלען עם אויספיהרען אין גאנצען — דער וועט פרעגען א גרויסע שאלה: אויב דער חוב פון דאנקבארקייט איז אין דעם פערפאסערס אויגען אזוי גרוים אז צוליעב איהר מוז יעדער יוד האלטען פראנקרייך טייערער ווי זיין פאטערלאנד, קען איך דאך מאכען א קל וחמר: מה דאך פראנקרייך וואס איז מעהר ניט געווען ווי א אורזאכע צו גלייכע רעכטע, וועלכע מיר האבען געקאנט ערהייכען אויך אהן איהר, ווען מיר וואלטען זיך נור אבגעזאגט פון אונזער שליחות איז אזוי — ירושלים, וואס האט אונז געגעבען די שליחות אליין, וועלכע איז די אורזאכע און דאס ציעל פון אונזער לעבען, א פשיטא אז מיר זענען מחויב איהר דאנקבאר צו זיין און האלטען פיעל העכער און טייערער אפילו פאר פראנקרייך... מיר דאכט זיך אז אפילו דער גרויסער פילאזאף, דער פערפאסער פון ארטיקעל, קען ניט געפינען קיין לאגישען פעהלער אין אזא מין שלוס, און פון דעסטוועגען האט ער געשריבען וואס ער האט געשריבען—איז דאס ניט קיין מאראלישע קנעכטשאפט? א נ׳אנדער שרייבער רעכענט צווישען די אנדערע פערדיענסטען פון דער פופציגיאהריגער צייטונג אויך דאס, דאס זי האט זיך תמיד בעמיהט צו פערשטארקען דעם קשר צווישען פראנצויזישע יודען און זייערע ברידער אין די איבריגע לענדער, און תוך כדי דבור איז ער זיך מצטדק וואס ער, דער פראנצויזישער פאטריאט, האלט דעם קשר צווישען פראנצויזישע יודען און די איבריגע יודען פאר א ניצליכע זאך, און דעריבער בעמיהט ער זיך צו בעווייזען דאס אזוי: חאטש, ווי ס׳איז בעקאנט, זענען די פראנצויזישע יודען גרויסע פאטריאטען און ליעבען זייער פאטערלאנד מיט לייב און זעלע, קאן מען זיי דאך — זאגט ער — פונדעסטוועגען ניט נעהמען פאר אונגוט, אז זיי האבען רחמנות אויף זייערע עלענדע ברידער, וואס ליידען אין אנדערע לענדער פיעל צרות, אדער אז זיי פרעהען זיך מיט די, וואס זייער לאגע פערבעסערט זיך. "איך בין איבערציינגט, זאגט אחד־העם, אז דער אויסגעצייכנעטער מאן ליעבט אזוי טריי זיין יודישעם פאלק, דאס אז מע וואלט איהם אפילו בעוויזען מיט טויזענדער ראיות, אז דער פראנצויזישער פאטריאטיזם פערבאט איהם די ליעבע צו זיינע ברידער אויף דער אנדער זייט פון פראנקרייכס גרעניץ, וואלט ער זיי געליעבט אויך דאמאלס טיעף טיעף אין זיין הארצען; אז אפילו אלע זיינע ברידער וואלטען שוין ערהייכט אלע "רעכטע" און עס וואלט שוין מעהר ניט געווען איבער וועמען רחמנות צו האבען אדער מיט וועמען זיך צו פרעהען, וואלט ער אויך דאמאלס געוואלט קומען מיט זיי אין א בעשטענדיגען בונד און נעהמען א טהייל אין אלע זייערע אנגעלעגענהייטען. און אז יא אזוי, וואס איז דען זיין פערענטפערונג, וואס האט איהם געבראכט דערצו — אויב ניט מאַראלישע קנעכטשאפט? אבער נאך גרעסער ווי די מאראלישע קנעכטשאפט איז די קנעכטשאפט פון זייער דענקען. זייער יודישע נאציאנאליטעט האבען זיי פערקויפט פאר די "רעכטע", וואס מע האט זיי געגעבען, און דערום האבען זיי געמוזט קומען צום בעשלוס, אז די יודען זענען ניט קיין פאלק, נאר א רעליגיעזע געמיינשאפט. און אזוי ווי די רעליגיאן איז ביי זיי שוואך און פון איהר זייט וואלט קיין מניעה ניט געווען אז

זיי זאָלען זיך אַסימילירען מיט די איבריגע פֿעלקער — בלייבט דאָך אַ קשיא: פֿאַר וואָס זענען זיי יודען? וואָס האַלט זיי אויף, אַז זיי זאָלען זיך אין גאַנצען ניט פֿעראייניגען מיט זייערע שכנים? אויף די קשיא האָבען זיי געניימהינט זייער שכל צו געפֿינען אַ וואונדערליכען תרוץ: גאָט האָט ארויפֿגעלעגט אויף יודישע פּלייצעס אַ מין שליחית צו פֿערברייטען אין דער וועלט די אידעע פֿון דער איינציגער גאָטהייט. כל זמן די גאַנצע וועלט גלויבט נאָך ניט פֿאָלשטענדיג אין דעם איינציגען גאָט, זענען מיר מחויב צו זיין יודען און צו ליידען פֿאַר אונזער יודישקייט אַלע צרות און ענוּיים — קוים וועט אָבער קומען די גרויסע שעה, אַז אונזער שליחות וועט ערפֿילט ווערען — דאַן, יאָ דאַן וועלען מיר זיך שוין קענען מיט מזל אסימילירען מיט אַלע נאַציאָנען. ובכן איז ־אַס יודישע פֿאָלק אַ מלמד און אַלע איבריגע פֿעלקער געהען ביי אונז אין חדר און זענען אונזערע תלמידים! אָבער הערט, וואָס פֿאַר אַ מין מלמד דאס איז: קנעלען מיט זיינע תלמידים טאָר ער בשום אופן ניט! „גאָט האָט אונז נור איבערגעבען דעם אמת, אָבער ער האָט אונז ניט געהייסען עם פֿערשפּרייטען“, זאָגט איינער פֿון די גרעסטע פֿארשטעהערם פֿון דער שליחות. נו, טאָ ווייזשע זאָלען מיר קענען ערפֿילען אונזער שליחות? „די שליחות, ענטפֿערט ער, „ווערט ערפֿילט דורך דעם פּראָגרעס פֿון די רעליגיעזע אידעען“. און אזוי ווי דער תנ״ך איז דער יסוד און די אורזאכע פֿון דעם פּראָגרעס, קומט עס אויס, אזוי ווי מיר אַליין וואָלטען געטהון אַלצדינג וואָס מע דאַרף טהון פֿאַר דעם פּראָגרעס, און צוליעב דעם און נור צוליעב דעם מוזען מיר זיין טריי אונזער פֿאָהן ביז צום סוף. „גוט אָבער וואָלט געווען, זאָגט אחד־העם, אַז די תלמידים זאָלטען געוועזן ווי עס דאַרף צו זיין און אבגעגעבען כבוד זייער רבי'ן. איצט אָבער, אַז די תלמידים זענען עזות־פּנימער און בריקען אַוועק זייער רבי'ן און פֿערשעלטען זיין נאָמען אַזוי, אַז עס ווערט איהם נמאס זיין לעבען, בלייבט דאָך אַלץ די שאלה: הֱיוֹת ווי אונזער לעבען בריינגט שוין מעהר קיין נוצען ניט אויסצופֿיהרען די שליחות, היות ווי דער תנ״ך וועט ניט פֿערלאָרען ווערען אויך אָהן אונז, היות ווי מיר זענען שוין מעהר ניט ווי אַ מצבה אויף דעם וועג צום פּראָגרעס, וועלכער פֿערפֿאָלקאָמט זיך אָהן אונז, — אם כּן צו וואָס דאַרפֿען מיר לעבען און ליידען צרות? פֿאַר וואָס לאָזט אונז די נעשיכטע ניט אַראָבגעהן פֿון בּימה, נאָכדעם ווי מיר האָבען געטהון פֿאַר דעם פּראָגרעס אַלץ, וואָס עס איז נור געוועזן אין אונזער כּח: מיר האָבען בעשאַפֿען דעם תנ״ך, און מעהר זענען מיר שוין ניט אומשטאַנד צו טהון?“ אָבער דער תרוץ איז פּשוט: די גאַנצע נאַרישע באָבע מעשה פֿון דער יודישער שליחות איז מעהר ניט ווי אַ פּראָדוקט פֿון דער קנעכטשאַפֿט אין דענקען: זיי האָבען ג ע מ ו ז ט קנעכטען זייער שכל צו ערפֿינדען אַזאַ מין „פֿייגענבלאַט“ צו בעדעקען זייערע עלענדע, נאַציאָנאַלע נאַקעטקייט. „אַז איך וויל אַוועקקעהרען מיינע אויגען“, פֿיהרט אחד־העם אויס, „פֿון דער שרעקליכער אָרעמקייט, ניעדריגקייט און אונוויסענהייט, וואָס איז ארום מיר, און וויל זוכען אַ טרייסט פֿאַר מיין זעעלע ד אָ ר ט ע ן, אויף דער אַנדער זייט גרעניץ, וואו מיר געפֿינען אַ סך פֿון אונזערע ברידער אלס פּראָפֿעסאָרען, אקאדעמיקער, אָפֿיציערען און בעאַמטע — און אויך דאָרטען הינטער דעם גאַנצען כבוד און גדולה זעה איך אַ דאָפּעלטע גייסטיגע קנעכשאַפֿט אין מאַראַל און דאס זעהענדיג פֿרעג איך ביי זיך: צי בין איך מקנא די „רעכטע“ פֿון מיינע דאָזיגע ברידער? און איך ענטפֿער אָפֿען און הויך: ניין! און נאָכאַמאָל ניין! „לאָ הֵן ולאָ שְׂכָרָן“ (ניט זיי און ניט זייער שכר). איך, אַז איך האָב אַפֿילו ניט קיין רעכטע, האָב איך דאָך אויך ניט פֿערקויפֿט מיין נשמה פֿאַר זיי; איך קען אויסרופֿען הויך אויף אַ קול, אַז איך ליעב מיינע ברידער פֿון יעדען אָרט און איך דאַרף ניט זוכען קיין תרוצים צו פֿערענטפֿערען בדוחק מיין ליעבע. איך מעג מיר דערמאָנען ירושלים און ניט נור בעת „גאָטעסדיענסט“, און קיינער וועט מיך ניט פֿרעגען, וואָס איז מיר ציון און וואָס בין איך איהר? איך דאַרף ניט אויפֿהויבען מיין פֿאָלק ביז צום הימעל און עס מאַכען העכער פֿאַר אַלע פֿעלקער, כדי צו געפֿינען אַ היתר אויף זיין לעבען; איך ווייס פֿאַר וואָס איך בלייב אַ יוד, אָדער ריכטיגער, איך פֿערשטעה גאָר ניט אזאַ שאלה, אַזוי ווי איך וואָלט ניט פֿערשטעהן, אַז מע וואָלט מיך פֿרעגען: פֿאַר וואָס בלייב איך מיין פֿאָטערס אַ זוהן — מיט איין וואָרט, איך בין מיינער און מיינע געפֿיהלען זענען מיינע, און עס איז ניטאָ קיין סבה, וואָס זאָל מיך נייטהיגען זיי צו פֿערבערגען אָדער פֿערלייקענען, צו נאַרען אַנדערע אָדער מיך אַליין... און די, מיין גייסטיגע פֿרייהייט, — לאָז לאַכען פֿון מיר ווער עס וויל — וועל איך ניט אויסבייטען פֿאַר אַלע „רעכטע“ פֿון דער וועלט“. — אַזעלכע דאַנערנדע, ניעדערשמעטערענדע ווערטער האָט דאס יודישע פֿאָלק שוין לאַנג ניט געהערט אין אונזער ליטעראַטור.

(ענדע קומט).

Ben—Nerio.

---

## ווי מען לערנט מלאכות דורך בריעף.

אין „יוד“ זענען אייניגע מאָל גדרוקט געווען מודעות פֿון פֿערשידענע מענשען, וועלכע לערנען אוים אַלערליי מלאָכות דורך בריעף. מודעות ווערען אָנגענומען פֿון אַלעמען, און די רעדאַקציאָן קען ניט נעהמען אויף זיך אויסצופֿאָרשען, ווי ווייט עס איז ריכטיג אַלץ, וואָס עס ווערט אין זיי געזאָגט; די רעדאַקציאָן איז דערום פֿאַר די מודעות ניט פֿעראַנטוואָרטליך, זי דרוקט זיי און זי ווייס אַליין ניט, צי זיי פֿערדינען צוטרוי אדער ניט. נאָכדעם, ווי מיר האָבען גדרוקט אַלע מאָל אַזוינע מודעות, האָבען מיר אָנגעהויבען קריגען בריעף, אין וועלכע מען קלאָגט זיך, אַז די דאָזיגע מודעות זענען נור אַ פּשוטער שווינדעל. די מודעות איבער דאָס לערנען מלאכות דורך בריעף האָבען נור מענשען אומזיסט פֿערפֿיהרט, מען האָט ביי זיי אומזיסט אויסגענאַרט מארקעס און אויך געלד. נאָך איינינע אַזוינע בריעף, וואָס מיר האָבען געקראָגען, האָבען מיר אין „יוד“ (נו' 8) מזהיר געווען דעם עולם, ער זאָל ניט גלויבען די שווינדלער, וועלכע זאָגען צו אויסצולערנען די פֿערשידענסטע מלאכות דורך בריעף, און מיר האָבען געשריבען, אז ווייטער וועלען מיר אזוינע מודעות ניט אננעהמען.

ווי גרויס עס איז דער שווינדעל, וואָס איז דורך אַזוינע מודעות געמאכט געוואָרען וויזט דער דאזיגער בריעף, וועלכען מיר גיבען דאָ איבער ווערטליך אונזערע לעזער.

ר' יוד!

אייער תנא, וועלכען איהר בעריהמט אזוי אָפֿט אין אייערע בלעטער מיט זיין הייליגען נאָמען ר' יעקב נאַטקין במינסק ימ״ש האָט מיר אָבגעקוילעט, פּשוט אָבגעשניטען מיר דעם קאַרמאַן: ער האָט מיר געפּטרט ביז 2 הונדערט קערבליך מזומן, דערצו בין איך נאָך קראַנק געוואָרען פֿון יסורים. לפי דבריו האָט איהר זיך ביי איהם אויך געלערנט מאַכען תמר ולבנים ויתר המלאכות עד מאה מלאָכות, איהר מעגט זיך טאַקע שעמען וואָס פֿאַר אַ פֿיינע פּרנסה מיט אַ פֿיינע שותפות איהר האָט זיך געמאַכט משוד עניים מאנקת אביונים כמוני. פֿיינע ציוניסטען! אזאַ יאָהר זאָל אייך זיין! בנימין שו״ב מפעראַטין.

איידער מיר האָבען געקראָגען דעם אויבען אָבגעדרוקטען בריעף, זענען אָבער וויעדער אין „יוד“ גדרוקט געוואָרען מודעות פֿון איין יעקב

רעזניק אונטער דעם נאָמען „תעשה מלאכה“. זיינע מודעות זענען אָנגענומען געוואָרען דורך אַ פֿאַלשקייט, וועלכע ער האָט בעגאַנגען, צושיקענדיג אַ הסכמה מיט דער חתימה פֿון דעם רב אין דאָרף רובליא (מינסק. גוב.) ר׳ יחיאל מיכל ראַבינאָוויץ.

מיר האָבען געגלויבט אין די הסכמה און אין די ריכטיגקייט פֿון דער מודעה נור דערפֿאַר, ווייל אין איהר איז געזאָגט, אַז דאָס לערנגעלד קען איינגעלעגט ווערען ביים רב.

עס שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז יעקב רעזניק איז איין איינפֿאַכער שווינדלער, וועלכער האָט אָבגענאַרט דעם רב, אונזער אַדמיניסטראַציע און די אָרימע יודען, פֿון וועלכע ער וויל אַרויסציהען דעם לעצטען גראָשען.

דער רב פֿון רובליא שרייבט אונז :

„איך בין דערשראָקען און דערציטערט געוואָרען, זיך דערוויסענדיג, אַז אין „יוד“ איז געדרוקט אין מיין נאָמען אַ מודעה, אין וועלכער איך גיב מיין הסכמה אויף יעקב רעזניק פֿון דאַווידהאָראַדאָק.

דער בחור יעקב רעזניק איז פֿון וויפֿיעל יאָהר אַ פשוטער מלמדיל פֿאַר קליינע קינדער אין דאָרף רובליא, נאָר פֿאַר זיין אָוועקפֿאָהרען היינטיגען זומער פֿון דאָרף איז ער געקומען צו מיר און האָט מיר גע־בעטען, איהם צו געבען איין רעקאָמענדאַציע אויף אַ שידוך. איך האָב ניט געלייענט דעם נוסח, וואָס ער האָט אָנגעשריבען, און איך האָב איהם געגעבען מיין חתימה. מיר איז אָפילו ניט איינגעפֿאַלען, אַז אַזאַ מלמדיל, וואָס קען קיין זאַך ניט, זאָל בעגעהן אַזאַ שווינדעל און אַזאַ פֿאַלשקייט.

מען האָט מיר געזאָגט, אַז אין דער מודעה, וואָס איז געדרוקט אין „יוד“ שטעהט, אַז דאָס לערנגעלד ווערט איינגעלעגט ביי מיר. אַ, וואָס פֿאַר אַ נידריגקייט! איך וועל זיין אַ חבר פֿון אַזאַ נידריגען און פֿאַלשען מענשען! איך בעט אייך, נעמט זיך אָן פֿאַר מיין כבוד און פֿאַר מיין נאָמען. איך וואָהן אין דאָרף רובליא און ניט אין דאַווידהאָראַדאָק און דעם מאשעניק יעקב רעזניק האָב איך ניט געזעהן, זינט ער איז אַרויסגעפֿאָהרען און אויסגענאַרט פֿון מיר דורך פֿאַלשקייט מיין חתימה...

יחיאל מיכל ראַבינאָוויץ חופ״ק כפר רובליא“.

צו גלייכער צייט האָבען מיר אויך געקראָגען אַ בריעף, אין וועלכען מען פרעגט אונז אָן, ביי וועמען זיך צו לערנען אַ מלאכה. פֿון דעם בריעף זעהען מיר ווידער, אַז עס ווערט ניט געמאַכט קיין אונטערשיעד צווישען דעם וואָס ווערט געשריבען אין „יוד“ און צווישען די מודעות, פֿאַר וועלכע די רעדאַקציאָן איז ניט פֿעראַנטוואָרטליך.

דאָ איז דער בריעף ווערטליך :

להרבני הנגיד נ״י עורך היוד לפני שמש ינון שמו.

אַזוי ווי איך וויל דאָך לערנען א מלאכה ביי ה׳ יעקב רעזניק, מדאוויד הארידאק, אזוי ווי איהר שרייבט אין בלאַט „תעשה מלאכה“.

נאָר ה׳ רעזניק שרייבט אין זיין פראָספעקט, וואָס איך שיק אייך דאָ אין בריעף, אז איהר זייט איהם דאַנקבאר פֿאר די לעהרע און זיין לעהרע איז גוט. און אויף נאַטקין במינסק האָט איהר געשריבען אין יוד נו׳ 8 אַז ער איז אַ שווינדלער, ע״כ איז חאָטשי נאַטקין לאָזט ביליגער די לעהרע, וויל איך זיך בעסער לערנען ביי איין ערליכען מאַן, אזוי גוט זיין און ענפֿערען מיר על האָטקריטקע, וואָס איך זאָל טהון און ביי וועמען זאָל איך זיך בעסער לערנען כי איך האָב קאפיטאל 300 קערבליך גם יש לי אשה ובנים ת״ל.

וואָס איז גלייכער צו לערנען זיך מע זאָל האָבען פרנסה און ווי איהר וועט מיר ראַטען אזוי וועל איך טהון.

המצפה לתשובתכם

משה קליירמאַן בראַוונע פלך וואלין.

דער שרייבער פֿון דעם בריעף האָט אונז אויך צוגעשיקט דעם פראָספעקט פֿון יעקב רעזניק, וועלכער איז אַזוי פֿול מיט גראָבע ליגען און פֿאַלשקייט, אַז יעדער קלוגער יוד דאַרף גלייך אַליין פֿערשטעהן, אַז די גאַנצע זאַך איז נור אַ פשוטער שווינדעל.

דער פראָספעקט :

העררן מ. קלערמאַן, ראַוונאַ.

גרויס אַרטיגער מאַן. דאָ האָט איהר נאָר אַקיצר פֿון מיין גרויסען פראָספעקט וואָס איך וועל אין גיכען לאָזען דרוקען. ער וועט פֿערנעהמען 4 בויגען פּאַפּיר פֿוןביידע זייטען. אָבער לע״ע אויסשרייבען אייך אין גאַנצען איז גאָר אונמעגליך כי איך לערין אויס כמה מאות מלאכות ע״י מכתבים. נאָר דאָ האָט איהר אויך אַהיבשע ביסיל מלאכות פֿון וואָס אויסצוקלויבען. שיקט צו די פרייז פֿאַר וועלכע מלאכה איהר ווילט וועל איך אייך תיכף אַרויסשיקען די לעהרע.

להשליש אצל רבנים איז ניט מעגליך! איך שרייב אין בלאַט להשליש נור פֿון יוצא וועגען, כדי צו בעקומען מעהר אדרעסען אָבער היינטיגע רבנים קען מען קיין געלד גאָר ניט געטרויען, ווייל זיי וועלען ניט אָבגעבען דערנאָך ניט מיר ניט אייך, ע״כ אַריינשיקען תיכף מזומן דוקא.

דער שרייבער פֿון דעם יוד הר׳ אמת נ״י האָט זיך ביי מיר אויך געלערנט כמה מלאכות החימיע און איז מיר מיט גאָטס הילף זייער דאַנקבאַר. איך וועל אייך זאָגען דעם גאַנצען אמת אַז מיר שטעהט גאָר ניט אָן צו דרוקען אין די צייטונגען, ווארום איך האָב תלמידים די גרעסטע פֿאַבריקאַנטען, למשל די פֿאַבריקע פֿון „פֿרידריך פולס בוואַרשא“, מהסתם האָט איהר געהערט איז דאָס מיינער אַתלמיד, ד. ה. ער אַרבייט אַלע וייפען עפ״י למודי. גם „בראָקער“ במאסקווע דאָס איז אויך מיין פֿאַבריקע, וואָס זאָל איך אייך אַפולע ריידין, עס איז ניטאַ אַזוי פֿיל צייט צו אויסשרייבען אייך, איך וועל אייך שיקען אַגעדרוקטען פראָספעקט ותדעו הכל. איך האָב גצ״ד 5 אייגענע מויערין בוואַרשא, נאָר אַזוי ווי איינִיגע רייכע לייט פֿון אחיאסף האָבען זיך ביי מיר געלערנט מאַכען בורית מכל הסאָרטען און יתר המלאכות און זייערע פֿאַבריקען געהען גצ״ד זייער פֿיין, האָבען זיי מיר איינגעשוואוירט און קוים פועל געוועזען איך זאָל לאָזען דרוקען אַמודעה אין יוד „תעשה מלאכה“ לתקנת הרבים, כדי אָרימע יודען זאָלען קומען צו פרנסה על ידי למודי הטוב.

והא ראיה אַז אַלץ וואָס איך שרייב אייך איז אמת קענט איהר זעהן בהיוד N 8 שטעהט צום סוף בלאַט אַז זיי וועלען שוין מעהר ניט דרוקען די מודעות פֿון די שווינדלער מאטוזאן, נאטקין וכדומה וועלכע האָבען די וועלט אומגליקליך געמאַכט. אָבער ביי מיר בעטען ווי זיך איך, זאָל דרוקען מודעות, ווייל זיי קענען מיך זייער גוט. שוין בה״ש 25 יאָהר אַז איך קען זיך מיט אחיאסף האָבען זיי ביי מיר קוים פועל געווען איך זאָל דאָס טהון לטובת אחינו בני ישראל העניים און לערנען זיי פֿאַבריקאַציע ע״י מכתבים און איך טהו דאָס טאַקי כמעט ווי פֿון מצוה וועגען, אגב קאָסט דאָך עפּיס מענשען, שרייבער און הוצאות פאצט, מוז איך נעהמען פֿון יעדער מלאכה חאָטשי 25—10 רו״כ לפי ערך המלאכות.

איהר וועט מיר איה״ש דאַנקען ניט ערגער פֿון דעם יוד, שיקט געלד און לערנט זיך תיכף!

ידידכם המוקירכם כרוב ערככם בשם החימיקער טעכנאלאָג „יעקב רעזניק“

הבוכהאַלטער . . . . } (די אונטערשריפֿטען זענען פֿערצוקט ניט
הקאַנטראַליער . . . . } איבערצולעזען),

דאַוויד־האראדאק, יעקב רעזניק.

צו דעם פראָספעקט איז נאָך צוגעלעגט אַ רשימה פֿון 110 סאָרטען זייף „אויס זיין 25 יאָהריגער פּראַקטיקע בוואַרשא ובמאסקווע“ (אַזוי שרייבט דער יונגער בחור יעקב רעזניק).

דער פראָספעקט לאָזט זיך אויס מיט די דאָזיגע ווערטער :

אויב איהר ווילט שיקען געלד, טאָ שיקט תיכף, ווארום אין גיכען פֿאָהר איך אָב אין אויסלאַנד. ווער עס וועט פֿערהאַפּען און לערנען זיך, וועט גליקליך זיין.

און אַלץ וואָס דאָ שטעהט אפילו ניט אויסגעשריבען און איהר ווילט זיך לערנען קען איך אייך אויך לערנען, ווארום איך קען כל החכמות שבעולם. איהר קענט מיך ניט, אָבער דער יוד קען מיך גוט בה״ש.

וואס איהר ווילט קען איך אייך לערנען אויף די פרייז וועלען מיר דורכקומען.

ידידכם יעקב רעזניק.

מיר האפען, אז די בריעף, וואס מיר האבען דא געבראכט, און די אונפערשעמטע ליגענס און פאלשקייטען פון פראספעקט, וועלען זיין א אזהרה פאר די לייכטגלויביגע מענשען, וועלכע וועלען זיך מעהר ניט לאזען נארען אין דעם שווינדעל פון לערנען מלאכות דורך בריעף.

---

## יודישע שטעדט און שטעדטליך.

גליקליכע מענשען, זומער און ווינטער. פוילע בלעטער.

יעדען זומער קומט מיר אויס צו שרייבען וועגען די אומגליקליכע נשרפים און די גליקליכע ראוונער וואסערפיהרער. די נשרפים קוקען אויף דעם זומער ווי אויף זייער מלאך המות און די ראוונער וואסערפיהרער ווי אויף זייער מלאך הגואל.

ווען איהר וועט אין זומער־צייט פרעגען ראוונער יודען, ווער זענען די גליקליכסטע אויף דער וועלט, וועלען זיי אייך געוויס ענטפערן: די וואסערפיהרער, זיי לעבט זיך גוט אויף דער וועלט, מיר אלע זענען זייערע אונטערטאהנען — וואס זיי פערלאנגען, מוזען מיר זיי געבען, וואס זאלען מיר טהון, ווען אהן וואסער קען מען ניט לעבען.

פאר א יאהרען זומער, אויב די לעזער געדיינקען פון מיינע ארטיקלען, האבען זיי פאר די גבאים פון די שולען און בתי מדרשים ניט געוואלט פיהרען קיין וואסער, ווייל א גאנץ יאהר פלעגט מען זיי קיין שענע עליות ניט געבען.

— „מיר דארשטען נאך תורה, דארשט איהר נאך וואסער",— האבען זיי דאן געטענה'ט צו די גבאים, און מען האט טאקי די פעטסטע עליות ווי ששי און שלישי געמוזט צונעהמען ביי די שענסטע בעלי־בתים און אוועקגעגעבען די וואסערפיהרער.

איצטיגען זומער אין די הייסע טעג האבען די וואסערפיהרער וויעדער געמאכט א סטאטשקע, שוין ניט נור נעגען די גבאים (זיי וועלען שוין פערזאגען דעם צעהנטען געבען חס ושלום א וואסערפיהרער א מאנער שטיקיל תורה), נאר נעגען די גאנצע שטאדט בעלי בתים.

— ווינטער צאהלט איהר פאר א פעסיל וואסער, וויפיעל איהרווילט, איצטער וועט איהר מוחל זיין אונז צאהלען וויפיעל מיר ווילען.

און אלע מיט אנגעבוינענע קעפ מיט ארויסגעשטעקטע צונגען פון דארשט האבען נעענטפערט, אז זיי בעשטעהען צו צאהלען פאר וואסער צוויי מאל און דריי מאל אזוי טייערער.

נור איינער ה' מ. וואס האט א פאבריק פון זעלצערוואסער האט געהאט די העזה ניט צו בעשטעהן אויף דעם הויכען פרייז און האט פאר זיך אליין געפיהרט פון טייך וואסער, דאן האבען די וואסערפיהרער זיך שטארק דערצארענט אויף דעם זעלצער־וואסער־מאכער, וואס האט אין זיי מורד געוועזען, און האבען פאר איהם אויסגעטראכט א שטראף, וועלכע עס וועט זיין א אזהרה פאר דור־דורות.

דער זעלצער־וואסער־מאכער ציהט זיין פרנסה איבערהויפט פון די יריד'ען, ווען עס פאהרען זיך אן אויף דעם מארק טויזענדער מענשען און מען טרינקט הונדערטער טויזענדער גלעזער זעלצערוואסער. די וואסערפיהרער האבען זיך מיט זייערע פעסער אויך געשטעלט אויף דעם מארק און האבען אנגעהויבען שרייען, אז וואסער מיט אייז נעבען זיי יעדען אומזיסט; פערשטעהט זיך, אז יעדער האט ליעבער געטרונקען אומזיסט גוטע געזונדטע קאלטע וואסער, ווי פאר געלד די „זעלצער".

אט אזוי גוט און פרעהליך לעבט זיך די וואסערפיהרער אין ראוונא (וואהל. גוב.).

איין טרייסט איז געבליבען די ראוונער בעלי בתים אז עס וועט אויף די וואסערפיהרען קומען אמאל א ווינטער... דער ווינטער קומט אויף יעדען...

א ווינטער איז ענדליך נאך א לאנגען שווערען שענעם ליעבען זומער אויך געקומען אויף יענקעל כהן אויס דובנא, וועגען וועלכען עס רעדען איצטער גאנץ וואהלין, פאדאליע און אוקראינע, סיי יודען, סיי קריסטען.

פריה, זעהר פריה האט זיך ביי יענקעל כהן אנגעהויבען דער זומער, אין וועלכען ער האט געזייט און געזייט, עס האט ביי איהם געוואקסען אהן רעגען, פון קיין האגעל און ווינדטען זענען זיינע פעלדער ניט פערדארבען געווארען, עס האט געוואקסען אויסגעצייכענט. זיין זומער האט זיך אנגעהויבען דערפון, וואס ער האט אנגעהויבען צו לייען אויף משכנות דערנאך אויף קליינע וועקסעליך, שפעטער אויף גרויסע וועקסלען און גענומען 21%, 28% און אפילו די גאנצע 100%, דערצו האט ער געהאט א מאוסע טבע, אז ווי באלד ער האט גענומען א וועקסעל אויף צוויי טויזענד רובל, האט ער איהם פריהער פערשלאסען אין קאסע און דערנאך ארויסגעגעבען „דערווייל" 200 רובל, פערענטפערענדיג זיך, אז איצטער האט ער מעהר קיין געלד ניט, שפעטער וועט ער דערצאהלען, דער שפעטער האט זיך געצויגען א חודש, פראצענט האט דערווייל געוואקסען ניט פאר 200, נאר פאר 2000 רובל, נאך דעם חודש פלעגט ער דערצאהלען נאך א 200 רובל און אין די איבריגע 1600 רובל פלעגט ער אין גאנצען פערגעסען, אדער זיי פעררעכענען אויף דעם פראצענט און איינמאנען די גאנצע צוויי טויזענד רובל. אזוי האט ער געטהון מיט איינעם. ביי וועלכען ער האט גענומען וועקסלען אויף 66,000 רובל און פריהער גענעבען 12,265, שפעטער נאך 20,000 רובל און אין די איבריגע 33,735 רובל האט ער פערגעסען, און געמאנט האט ער אבער אלע 66 טויזענד רובל, ביי א צווייטען האט ער גענומען וועקסלען אויף 4000 רובל און נור גענעבען 1662 רובל און איינגעמאנט דורכ'ן סוד די גאנצע סומע. אזוי איז געווען מיט א דריטען, א זיבעטען, א דרייסיגסטען...

וואס איז אייך דער חילוק, פריווט נור בערעכענען פון די סומען, וויפיעל פראצענט דער יענקעל כהן האט גענומען, פערשטעהט זיך אז ווי יודען אזוי קריסטען האבען איהם פיינד געהאט און אויסגעווייכט זיינע טריט, אנטלאפען פון איהם ווי פון א חיה רעה. און ער, יענקעל דער וואכערניק, דער פראצענטניק, האט געזויגען און געצאפט פון קריסטען און יודען גלייך און וויפיעל ער האט נור געקענט.

לאנג האט זיך פאר איהם דער זומער געצויגען, און ער האט אליץ געריסען פון זיינע געראטענע פעלדער און גערטנער, ער האט געריסען די בלעטער צוזאמען מיט דיווארצלען און ווי זיין האנד האט זיך נור צוגעריהרט איז קיין זכר פון לעבען ניט געבליבען, פיעל מענשען האט ער אומגליקליך געמאכט, יענקלען האט זיך אליץ אויס־

געוויזען אַז זיין זומער וועט אייביג געדויערען, אַז אייביג וועט ער האָבען פֿון וואַנען צו רייסען, נאָר דער ווינטער, אַ שווערער ביטערער ווינטער איז פֿאַר איהם אויך געקומען: פֿאַר זיינע מעשים האָט מען איזהם היינטיגען חודש דאס דריטע מאָל געמשפט אין קיעווער אָקרוזשנאי סוד (דאָס ערשטע מאָל אין דובנא און דאָס צווייטע מאָל אין זיטאמיר), וואו מען האָט איהם פֿערמשפט: צונעהמען ביי איהם אַלע בעזאָנדערע רעכטע און 1 יאָהר מיט 4 חדשים תפיסה, אויסער דעם האָט דער סוד מבטל געווען אַלע וועקסלען, פֿאַר וועלכע ער האָט גענומען גרויסע פּראָצענטען. זיינע אַ מוטער מירל כהן, וועלכע האָט איהם מיטגעהאָלפֿען אין זיינע שענע געשעפֿטען, איז פֿערמשפּט געוואָרען אויף 3 חדשים תפיסה.

ביי דעם משפט זענען פֿאָרגעקומען עטליכע שענע סצענעס אויס דעם לעבען פֿון אַ קליינשטעדטילדיגען פּראָצענטניק. ביי יענקעל כהן איז געוועזען אַ בעזונדער פֿערגעניגען יענעם אַריינהאַפּען מיט וועקסעליך, אַרומרינגלען מיט פּראָצענטען, ביז ער זאָל איהם אָהן רחמנות דערשטיקען. איינער האָט עדות געזאָגט, אַז ער איז דערויף קראַנק געוועזען. רייך איז ער געוועזען זעהר, הכנסה האָט ער געהאַט אַ סך מאָל מעהר, ווי ער האָט פֿערלעבט, קיין פֿערגניגען, ווי יעדער פֿערמעגליכער מענש מעג זיך ערלויבען, האָט ער ניט געזוכט. דער מענש האָט נור געשפּאָרט, פֿאַר וועמען? — פֿאַר דעם רוח. מען דערצעהלט, אַז איינער אַ קאַרגער האָט אַפילו געוואָלט פֿאַרשפּאַרען דאָס עסען פֿון דעם הונט, וועלכער פֿלעגט היטען זיין הויז, און ער האָט דערום פֿערטריבען דעם הונט און פֿלעגט ביי נאַכט אַליין אַרומלויפֿען אַרום דער שטוב און האַוקען ווי אַ הונד.

צו אַזוינע קמצנים האָט אויך געהערט יענקעל כהן. —

ווי אַזוי יודען קוקען אויף פּראָצענטניקעס און וואָכערניקעס, קען מען זעהן אויס דער מיינונג פֿון דעם דובנער רב, וועלכע איין קריסטליכער עדות האָט איבערגעגעבען אין סוד.

— איך האָב זיך געשעמט פֿאַר יעדען, וואָס מען האָט מיך אַזוי געקענט אַריינגנאַרען מיט וועקסלען, דערצעהלט דער עדות. איך האָב זיך געווענדעט צו יענקעל כהן, ער זאָל מיר אָבגעבען די וועקסלען, אויף וועלכע איך האָב קיין געלד בעקומען, האָט ער מיך אויסגעלאַכט. איך בין אַזוי בייז געוואָרען, אַז ווען איך וואָלט דאַן ביי זיך אַ רעוואָלווער געהאַט, וואָלט איך איהם געוויס דערשאָסען. איך בין אַוועק צום רב, ער זאָל ווירקען אייף יענקלען, נאָר דער רב האָט געענטפֿערט: „אַזוינע לייט הערען דען עמיצען? דאָס זענען ניט קיין מענשען, נאָר „חאַמען“, ביי זיי איז קיין גאָט ניט דאָ“.

אין דעם רב׳ס ווערטער סען מען געפֿינען די ריכטיגע מיינונג פֿון יודישען פֿאָלק וועגען די פֿוילע בלעטער, וועלכע וואַקסען אויס צווישען זיי. —

צום כבוד פֿון יודישען פֿאָלק האָבען זיך אַלע אין דעם איבערציינגט אויף דעם סוד אין קיעוו, מיט וועלכען עם האָט זיך אינטערעסירט די דאָרטיגע סוחר׳שע וועלט.

א מ ת.

---

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** — בשעת דער קייזער פֿ ר אַ נ ץ י אָ ז ע ף איז געווען אין פּראַג, האָבען זיך איהם פֿאָרגעשטעלט אין נאָמען פֿון דער יודישער קהלה דער פּרעזעס פֿון דער קולטוסגעמיינדע ד ר. ר אָ ז ע נ ב א כ ע ר, דער וויצע-פּרעזעס דר. ב ע נ ד י ע נ ע ר און דער אָבעררַאבינער דר. ע ה ר ע נ פֿ ע ל ד, דער קייזער האָט זיך אויסגעפֿרעגט, וויפֿיעל עס זענען דאָ יודען אין פּ ר אַ ג (27,000 נפשות מיט די פֿאָרשטעדט,) און וויפֿיעל שולען און רבנים און מוסיף געווען אַז ער ווייס, אַז די יודען זענען איהם טריי און ער קאָן זיך אויף זיי פֿערלאָזען.

— עס איז שוין דאָ איין אָפֿיציעלע ידיעה, אַז דער קייזער האָט געשענקט הילזנער׳ן דאָס לעבען און פֿערביטען איהם די טוידעסשטראָף אויף אייביגע תפיסה. מען האָט איהם שוין געבראַכט פֿון פּ י ז ע ק אין דער פּראַגער טיורמע. אין זיינע בריעף צו דער מוטער שרייבט ער, אַז ער האָפֿט צו גאָט, דאָס דער אמת׳ער רוצח וועט געפֿונען ווערען און אַלע וועלע ווייסען, אַז ער איז אונשולדיג.

— אַלס רעפֿערענטען אויף דעם 5-טען קאָנגרעס וועלען זיין: דער זשורנאַליסט מ אַ ר ט י ן ב ו ב ע ר אַנשטאָט ה. אַלפרעד נאָסיג, ד ר. פֿ אַ ר ב ש ט י י ן אַנשטאָט ה. מאָצקין און א י נ ז ש ע נ ע ר א ו ס י ש ק י ן. דער לעצטער וועט פֿאַרלייענען אַ הוספה צום רעפֿעראַט פֿון דר. הערצל „וועגען אָרגאַניזאַציאָן“.

*

**רוסלאַנד.** — אין די יודישע קאָלאָניעס אין חערסאָנער גובערניע ווערט געפּלאַנט איינצופֿיהרען אין אייניגע ערטער מוסטער—אַקערפֿעלדער און גערטנער, וועלכע זאָלען דיענען די קאָלאָניסטען פֿאַר אַ מוסטער, ווי צו בעאַרבעטען זייערע פֿעלדער. די קאָלאָניסטען וועלען אויך ווערען פֿערזאָרגט מיט די בעסטע כלים צום בעאַרבייטען די פֿעלדער און מיט די פֿיינסטע סאָרטען זריעה. דאָס אַלעס וועט פֿערבעסערען זייער שטאַנד.

די רעגירונג אַרבייט אויס אַ פּלאַן פֿון 7 נייע שולען אין די יודישע קאָלאָניעס. צו דעם צוועק האָט דאָס מיניסטעריום בעשטימט 6,000 ר׳ און דאָס איבעריגע נייטיגע געלד וועלען ממלא זיין די קאָלאָניסטען שענקענדיג בוימאַטעריאַל צו די געביידען און העלפֿענדיג אַליין צו דער אַרבייט.

— אויף דער אסיפה פֿון דעם צייטווייליגען אָדעסער קאָמיטעט צו העלפֿען די נויטבעדערפֿטיגע אין חערסאָנער גובערניע האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די צאָהל פֿון די נויטבעדערפֿטיגע אין דער גובערניע איז נישט ווייניגער ווי 35,000 יודען. מען מוז געבען שטיצע אַלע אומגליקליכע, וועלכע ליידען הונגער און קראַנקהייטען ביז אויגוסט, און 10,000 קאָלאָניסטען-יודען וועניגסטענס ביז יולי, בשעת עס הויבט זיך אָן דאָס אָראָבנעהמען פֿון די פֿעלדער. דערצו איז נייטהיג אַ סומע פֿון 25,000 ר׳. עס איז געזעצט געוואָרען אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל זוכען מיטלען ווי צו שאַפֿען דאָס געלד.

— ה׳ מ. א. וואַרשאַווסקי און מ. י. קולישער זענען בעשטעטיגט געוואָרען פֿון דער ממשלה אַלס מיטגליעדער פֿון דעם פּעטערבורגער צענטראַל קאָמיטעט פֿון דער חברה יק״א.

*

**פֿראַנקרייך.** — אין פּאַריז איז געווען אַ אסיפה, וועלכע די חברה כל ישראל חברים האָט צוזאַמענגערופֿען, כדי צו בעקלערען די לאַגע פֿון די רומענישע יודען. אויף דער אסיפה זענען געווען אויסער די פֿאָרשטעהער פֿון דער חברה אויך די הערען ראַבינער דרייפֿוס, העס, פּראָפֿ׳ וואַהל, בערנאַר לאַזאַר, קלאָד מאָנטיפֿיורי און לוזאַדא אויס לאָנדאָן; ווילי באַמבוס, דר ה. מ. כהן, דר. הילדעסהיימער און דר. נאַטהאַן אויס בערלין. עס זענען געווען 2 זיצונגען און וואָס אויף זיי איז פֿאָרגעקומען ווערט געהאַלטען בסוד. עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו שטיצען די געדריקטע רומענישע יודען אויף פֿערשיעדענע אופנים, בעזאָנדערס דורך אונטערהאַלטונג פֿון הילפֿסקאָמיטעטען, פֿאָלקסקיכען, און שאַפֿונג פֿון אַרבייטסהייזער, קרעדיטפֿעריינען א. ז. וו.

*

**טערקיי.** — ד ר. ה ע ר צ ל א ו ן ט ע ר ק י י. דר הערצל האָט געזאָגט דעם קאָרעספּאָנדענט פֿון „דזואיש קראָניקל“, אַז קיין איינציגע פֿון די גרויסע אייראָפּעאישע מלוכות איז נישט געגען דעם ציוניזם. ער האָט ווייטער איהם געזאָגט, אַז ער האָט פֿאָרגעשטעלט איין רעפֿעראַט איבער דעם ציוניזם פֿאַר דעם רוסישען קייזער אַליין, וועלכער האָט איהם געלעזען, און ער ווייס אַז דער רוסישער קייזער איז נישט קיין געגנער פֿון דער בעוועגונג.

— דער בערלינער קאָרעספּאָנדענט פֿון „וואָסחאָד“ שרייבט, אַז לויט זיינע ידיעות איז געווען די רעדע אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל צווישען סולטאַן און דר. הערצל נור וועגען אַ קאָנצעסיאָן פֿאַר די קאָלאָניאַל-באַנק, אָבער נישט וועגען אַ טשאַרטער. אין דער זאַך שטיצט דייטשלאַנד דר. הערצל׳ן, ווייל דער קליינער קאַפּיטאַל פֿון דער קאָלאָניאַל-באַנק וועט נישט זיין גענוג און דר. הערצל וועט מוזען אָנקומען צו דייטשען קאַפּיטאַל. די אונטערנעהמונג וועט זיך בעציהען אויף האַנדעל אָדער פֿאַבריקאַציאָן און נישט זיין זעהר גרויס.

*

**אַמעריקא.** — א י י ן י ו ד י ש ע א ו נ י ו ו ע ר ז י ט ע ט. ד ר. א י ז י ד אָ ר ז י נ ג ע ר, דער הערויסגעבער פֿון דער יודישע ענציקלאָפּעדיע, וועלכע ערשיינט איצט אין ניו-יאָרק, האָט פֿאָרגעשלאָגען צו גרינדען איין יודישע אוניווערזיטעט אין ניו-יאָרק, אין וועלכער זאָלען געלערענט ווערען אַלע וויסענשאַפֿטען וואָס זענען נוגע דאָס יודענטהום. עס איז געמאַכט געוואָרען אַ קאָמיטעט צו זיך צו פֿערנעהמען מיט דער אויספֿיהרונג פֿון דעם פּלאַן. צו דעם קאָמיטעט זענען צוגעשטאַנען גרויסע ראַבינער, געלערנטע און גבירים, וועלכע האָפֿען אין ניכען

צו שאפען דאס נייטהיגע געלד און צוצוטרעטען צו דער ארבייט. פון פיעל זייטען האט מען צוגעזאגט צו געבען געלד אויף דעם צוועק.

— איין דראמאטישע שולע. די אמעריקאנישע בלעטער זענען מודיע, אז אין טשיקאגא ווערט געפלאנט צו גרינדען א דראמאטישע שולע וועלכע זאל אויסבילדען אקטיארען און אקטריסעס פאר די יודישע זשארגאן-טהעאטערס.

---

## אלגעמיינע וועלט נייעס.

**רוסלאנד.** דאס יוסטיץ-מיניסטעריום האט ארויסגעגעבען א זאמלונג פון סטאטיסטישע ידיעות וועגען אוגאלאוונע משפטים אין 1897 יאהר. סך-הכל איז געווען במשך פון 1897 יאהר 195,759 משפטים מיט $7\frac{1}{2}$ פראצענט מעהר ווי פאריאהרען. 34,6 פראצענט פון די בעשולדיגטע זענען ארויס ריין אין געריכטען מיט פריסיאזשנע און 29,4 פר. — אין געריכטען אהן פריסיאזשנע. די איינטהיילונג נאך די פערברעכען איז אזוי: געגען געזעלשאפטארדנונג 22,5 %, גנבות, גזלות וכדומה 39,2 %, געגען זיטליכקייט און פערזענליכקייט 30,2 % און אנדערע 8,1 %. אבגעמשפט'ע איז געווען סך-הכל 106,000 מאן, 85,8 % מענער און 14,2 % פרויען. נאך דעם אלטער זענען געווען 18,7 % קינדער. אויף 100 אבגעמשפט'ע ז״-ען געווען אין פריעדענסגעריכטע 33 % גראמאטנע און אין די איבריגע געריכט״ן 38 % גראמאטנע. אבגעמשפט'ע יודען איז היינטיגם יאהר געווען מיט 6 % וועניגער ווי פאריאהרען. די גרעסטע צאהל פון פערברעכען איז געווען אין די גובערניעס: פעטערבורגער, מאסקווער, 3 באלטישע, קורלאנד, ווארשויער, קיעלצער און פעטריקאווער, די קלענסטע צאהל — אין די גובערניעס: וואראנעזשער, טאמבאווער, סאמארער, וויאטסקער, קאליגער, ריאזאנער, פענזער און סאראטאווער.

— אין דער זאמלונג פון געזעצען און בעפעהלען פון דער רעגיערונג נו' 47 איז פערעפענטליכט דער קייזערליכער בעפעהל, לויט וועלכען דער פינאנץ-מיניסטער בעקומט דאס רעכט אליין צו בעשטעטיגען די תקנות פון קרעדיט-פעריינען וועלכע ווערען געבילדעט אויף דיזעלבע יסודות, ווי דער בערדיאנסקער פעריין פון לייה-שפארקאסען און קרעדיט. אין פאל, ווען די ארבייט פון דעם פעריין צושפרייט זיך אויף איניגע גובערניעס, דארף דער פינאנץ-מיניסטער אויך בעקומען די הסכמה פון מיניסטער פון אינערען. די תקנות פון דעם בערדיאנסקער פעריין ווערען גערעכענט אלס יסוד פאר אלע קונפטיגע פעריינען.

— דער פרייז פון קוילען. דער פרייז פון רוסישע קוילען איז שטארק געפאלען, אין די דאנעצקער גרובען האט מען במשך פון 1900 יאהר ארויסגענומען $695\frac{1}{2}$ מיליאן פוד קוילען, און דערפון איז א סך געבליעבען אונפערקויפט וועגען דעם קריזיס אין דער פאבריקאציאן. פון 10—14 קאפ' פער פוד איז געפאלען דער פרייז אויף $7\frac{1}{2}$—$8\frac{1}{2}$ קאפ'. פיעל גרובען זענען פערמאכט געווארען און הונדערטע ארבייטער געהען ארום ליידיג. די בעזיטצער פון די קוילענגרובען האבען זיך דערום געווענדט צום פינאנץ-מיניסטעריום אז מען זאל צוריק ארויפלעגען צאל אויף אויסלענדישע קוילען, וועלכע ווערען געבראכט דורך די פארטען פון שווארצען ים און אזאווישען ים. אין פוילען איז דערווייל דער פרייז אויף קוילען גענוג הויך, ווייל די קוילענגרובען האבען פערקויפט לויט קאנטראקט אלע זייערע קוילען ביז אקטאבער. נאר עס איז זיכער אז אסיען-צייט וועט פאלען דער פרייז אויך אויף פוילישע קוילען.

— אין פינאנץ-מיניסטעריום ווערט אויסגעארבעט א געזעץ, לויט וועלכען עס וועלען שטרענג בעשטראפט ווערען אלע, וועלכע האבען נישט דאס רעכט צו קויפען ערד און קויפען יא דורך שווינדעל אויף א פרעמדען נאמען. אויסער וואס די קניה וועט ווערען ערקענט פאר נישט גילטיג, וועלען ווערען בעשטראפט סיי דער קויפער סיי דער מענש אויף וועלכענס נאמען די ערד איז געקויפט געווארען.

— אין רוסלאנד זענען דא סך-הכל 982 גרויסע און קליינע שטעדט. אין אייראפעאישען רוסלאנד 675, אין קעניגרייך פוילען – 114, אין קאווקאז — 54, אין סיביר — 51, אין טורקעסטאן 27, אין פינלאנד 38, אין קוואנטון — 4.

— די רעפארמען אין די מיטעלשולען. עס האבען זיך אנגעהויבען די אסיפות פון קאמיטעט דורכצוזעהען און צו ענדערען דעם סדר-הלמוד אין די מיטעלשולען. די שאלות, וועלכע זענען פארגעלעגט געווארען דעם קאמיטעט, זענען די דאזיגע: 1) איינצופיהרען א נייע ארדנונג אין דער פערוואלטונג פון די מיטעלשולען, 2) אויסצוארבייטען א נייעס פראגראם, און צו געפינען מיטלען ווי זי איינצופיהרען פון דעם קומענדיגען לערניאהר. 3) צוצוגרייטען לעהרערס פון די נייע למודים, וועלכע דארפען ווערען איינגעפיהרט אין די מיטעלשולען. 4) די ענדערונגען אין די שולען פאר מיידליך.

---

* * *

די נאכט איז שטיל, די נאכט איז בלוי —
מיר ביידע געהן צוזאמען;
עס שלאפען שטיל די נאסען שויך,
נור שטיגע שטערען פלאמען.

און בלוי די נאכט, און שטיל די נאכט,
די שאטענס טהון זיך יאגען;
איך הער דעם ווידער-קול ביים געהן,
דיין הארץ, איך הער עס שלאגען.

זיי רוהיג, קינד! לאז רוהיג זיין
דיין אויפגערעגט געוויסען;
דער טאטע שלאפט, די מאמע שלאפט —
און וועלען גאר נישט וויסען.

מיר געהען שטיל; מיר זעהען נור,
דער ביין געהט, דער אלטער;
ער געהט גאר מיד, און אין דער האנד
א שווערען ספר האלט ער.

דער אלטער איז א גוטער מענש
און וועט אונז נישט פערמסרן —
זיי רוהיג, קינד! און הארך, ווי שען
עס רוישען שטיל די וואסערן.

דער אלטער געהט אין שול אריין,
ביי־נאכט לערנט ער דארט תורה,
און אונזער סוד נעמט ער מיט זיך —
אך, קינד, וואס האסטו מורא?

און אונזער סוד בעגראבט ער דארט
אריין אין זיינע ספרים —
זיי זענען פאר אזאלכען סוד
גאר הייליג־שטילע קברים.

און פון די שטילע ספרים וועט
דער סוד צום הימעל פליהען,
און פאר די פים פונ'ם גוטען גאט
וועט ער זיך פאר אונז מיהען.

דוד פרישמאנן.

---

## צום בילד. *)

(על נהרות בבל)

פערלירען דאס אייגענע לאנד און זיין פערטריבען אין דער פרעמד, דאס איז דאס גרעסטע אומגליק, וואס א פאלק קען טרעפען. יודען זענען פערטריבען געווארען קיין בבל, זיי האבען אבער ציון נים פערגעסען; דאס בייגקען נאך ציון, דאס דערמאנען זיך אין די נגונים, וואס זיי פלעגען שפיעלען אויף די הארפעס אין בית המקדש, אט דעם שרעקליכען טרויער נאך זייער לאנד, וואו די יודען האבען איבערגעלעבט גאלדענע צייטען, אט דאס אלעס האט געגעבען שטאף דעם סקולפטאר עבערליין אויסצוקנעטען פון גיפס א בילד "אויף די טייכען פון בבל". עס שטעלט פאר א יודישע פערטריבענע פאמיליע אין בבל; זייערע הערצער ציהען זיך אין דער זייט, וואו די שטאדט ציון איז החרוב געווארען; דארט ווייט, אין דער ווייטער היים, אין דעם אייגען לאנד

---

*) דאס בילד איז צוגעלעגט געווארען צו דעם נומער 26. די ערקלערונג צום בילד איז אין פאריגען נומער צופעליג פערפעהלט געווארען.

געפינט זיך זייער נשמה מיט זייערע אלע געדאנקען, און דא ביי די טייכען פון בבל זיצען זיי, דער אלטער האלט איין הארפע, אין וועלכער ער האט צוריסען א סטרונע, די שונאים זאלען ניט קענען פערלאנגען, אז ער זאל שפּיעלען אין דער פרעמד ווי אמאל אין דערהיים. צוזאמען מיט דער סטרונע האט זיך אויך ווי עפּיס אבגעריסען אין זייערע הערצער. די יודישע הערצער זענען פערגליווערט געוואָרען, די יודישע הארפּע האט אויפגעהערט שפּיעלען. דער שרעקליכער טרויער, וואס עס ליגט אויף די עלטערנס געזיכטער, געהט איבער צו זייער קינד וועלכעס קען זיך ניט איינהאלטען פון טרעהרען. אנגעשפּארט נעבען די דערשלאגענע צובראָכענע עלטערן, וועלכע זענען איהם ליעבער פון אלעס אין דער וועלט, פערגיסט דאס שענע קינד אונשולדיגע טרעהרען, ער ווישט די טרעהרען מיט זיין הענדטיל, נאר די באקען טריקענען זיך ניט אויס, די טרעהרען הערען זיך ניט אויף צו גיסען.

און זייט די בני ישראל לעבען הערען זיי ניט אויף צו פערגיסען טרעהרען און הערען ניט אויף צו טרויערן נאך ציון. אִם אֶשְׁכָּחֵךְ יְרוּשָׁלָיִם תִּשְׁכַּח יְמִינִי — אויב איך וועל פערגעסען אן דיך ירושלים, זאל מיין רעכטע האנד פערגעסען ווערען. תִּדְבַּק לְשׁוֹנִי לְחִכִּי אִם לֹא אֶזְכְּרֵכִי אִם לֹא אַעֲלֶה אֶת יְרוּשָׁלַיִם עַל רֹאשׁ שִׂמְחָתִי — זאל מיין צונג צוגעקלעבט ווערען צום גומען, אויב איך וועל דיך ניט געדיינקען, ירושלים, און דערמאנען אין מיין שמחה.

---

## דער אנהויב איז שווער.

(א בילד פון יודישען לעבען אין אמעריקא).

---

א שבת אין דער פריה.

אין צימער איז שטיל. דאס ביסיל אָרימקייט ליגט אויפגעראמט, פערגלעט. דער טיש איז בעדעקט מיט א ווייסען טישטוך. אלצדינג אין הויז איז שבת'דיג.

דער בעל־הבית, א יוד פון אריבער פופציג, מיט א שווארץ גרויען בארד, איז געזעסען ביים טיש, מיטברילען אויף די אויגען און אומעטיג אריינגעקוקט אין א ספר. ביי דער אנדער זייט טהיר איז געזעסען די בעל־הבית'טע די הענד פערלעגט אויף דער ברוסט, די ליפען פעסט צוגעמאכט, און זי האט זשעדנע נאכגעקוקט אלע בעוועגונגען פון איהר טאָכטער, וואס איז געשטאנען ביים שפּיעגעל און זיך געקעמט.

די טאָכטער, א מיידיל פון איין און צוואנציג, איז געוועזען זייער איינציגעס קינד און זייער ברויט־געבערין.

א מאל, מיט יאהרען צוריק, האבען זיי ניט גערעכענט, אז זי וועט זיין זייער שפּייזערין. זיי האבען געהאט גאנ'ץ אנדערע האפנונגען אויף איהר. זייער גאנצער זארג איז אמאל געווען גליקליך צו מאכען זייער איינציג קינד. זיי האבען אבער געמוזט קומען אין אמעריקא און דא האט זיך דאס רעדיל דערלאנגט א דרעה פערקעהרט.

ער, דער טאטע, איז ניט פאר אמעריקא: פאר די פאבריקען איז ער שוין צו אלט און זיינע היימישע מסחרים געהען דא ניט אן. ער האט זיך שוין געלערנט פערשידענע מלאכות און ער האט צו קיינער ניט געטויגט; ער האט געפּרובט פערקויפען אויף די גאסען אלערליי ארטיקלען, ער האט אבער גאר נישט געקענט מאכען; און דער יאך פון פרנסה איז ארויף אויף זייער קינד. א בעקאנטער פון זייער שטעדטיל האט איהר רעקאָמאנדירט אין א פאבריק, וואו מען מאכט מענער־רעק און זי האט זיך אויסגעלערנט נייהען אויפ'ן מאשין.

גענוג טרעהרען האט עס געקאסט טאטע מאמע, איידער זיי האבען איהר ארויסגעלאזען פערדיענען פאר זיי אויף ברויט. דער טאטע האט זיך געווינשען, אז דאס שיף, וואס האט זיי געבראכט אי'ן אמעריקא, וואלט בעסער דערטרונקען געוואָרען מיט זיי צוזאמען; און די מאמע האט זיך געוואונשען, זי זאל בעסער בלינד ווערען, איידער זעהן, ווי איהר קינד געהט פערדיענען. די טאָכטער האט געוואוסט, אין וואס פאר א לאגע זיי געפינען זיך און זי האט זיך מיט געוואלד אוועקגעריסען ארבייטען.

זי האט געארבעט און אוועקגעגעבען אלע וואך דער מאמען די פערדיענסטען. די מאמע פלעגט עס דורכנעצען מיט איהרע טרעהרען און זיך גוט אויסוויינען אויף איהר קינד'ס מזל...

* * *

אין עטליכע וואכען ארום, ווי זי האט גענומען ארבייטען, איז זי א פארנאכט געקומען אהיים מיט א נייעס: דער בעל־הבית וויל, זי זאל ארבייטען שבת, און אויב ניט, קען ער איהר מעהר קיין ארבייט ניט געבען. ביי דער מאמען איז אבגעשטארבען דאס הארץ, הערענדיג אזא בשורה. זי האט זיך גלייך צווויינט און אין דער מינוט איז ביי איהר אבגעמאכט געוואָרען, ניט צולאזען איהר ארבייטען אום שבת. די צייט איז דאמאלס געווען א ביטערע; זי האט געוואוסט, אז איין אנדער שטעלע איז שווער צו געפינען, און זי האט געוויינט...

אין א ווילע ארום איז ער געקומען פון מעריב, און זי האט איהם גלייך איבערגעגעבען די נייעס.

— אזוי לאנג ווי איך וועל לעבען, וועט מיין קינד נישט ארבייטען אום שבת, — האט ער געזאגט מיט א פעסטען טאן, — זאג דיין בעל־הבית אז איך וועל דיר ניט לאזען מחלל שבת זיין פאר זיין גאנצע פאבריק אפילו.

און אויף מארגען איז זי ווידער געקומען מיט דעמזעלבען גרוס פון בעל־הבית: זי מוז קומען ארבייטען שבת, און אויב ניט, זאל זי מעהר אין גאנצען ניט קומען.

די מאמע האט זיך פון דאס־ניי צו־וויינט און דער טאטע איז געבליבען פעסט, אז זיין קינד וועט ניט מחלל שבת זיין אזוי לאנג, ווי ער וועט לעבען.

די טאָכטער איז שוין יא ביי זיך בעשטאנען אויף ארבייטען שבת; איהר האט אמעריקא שוין געהאט אביסעלע איבערגעמאכט און דער שבת איז ביי איהר שוין ניט געווען אזוי הייליג ווי אמאל; און זי האט אויך געוואוסט מיט וואס דאס שמעקט ניט האבען קיין ארבייט, נאר פונדעסטוועגען, אז דער טאטע וואלט געזאגט ניין, וואלט געווען ניין.

די פאר טעג ביז שבת איז אין הויז געווען חשך. די מאמע פלעגט זיך אלע ווילע צווויינען אויף איהר שטייגער, און דער טאטע איז געווען אין גאנצען אריינגעטהון אין ספר — זיין איינציגע ארבייט און פערגניגען אין אמעריקא. זיי האבען פיעל ניט גערעדט וועגען דעם; זיי האבען געוואוסט, אז ס'איז ניטא פיעל צו רעדען. זיי האבען געהאט פאר זיך צוויי וועגען: לאזען זייער קינד ארבייטען שבת, אדער אריינפאלען אין נויטה און הונגער. זיי האבען דא קיינעם ניט, ווער ס'זאל זיי העלפען מיט א וואָרט אפילו. און זאל זי איין וואך נישט ארבייטען איז אין הויז קיין ברויט ניטא.

די שטונדען האָבען זיך גערוקט און ס'איז געוואָרען פרייטאָג־צו־נאַכטס. דער טיש איז געווען געגרייט ווי אַלע מאָל, מיט'ן ווייסען טישטוך, מיט די חלה, מיט דעם פלעשיל בראָנפען. אַלץ איז געווען ווי ס'דאַרף זיין, דאָך האָט דאָ געפעהלט דער שבת'דיגער גייסט, די זיסע היימליכקייט פון א פרייטאָג צו־נאַכטס אין א פרומען יודישען הויז. ער האָט אפילו געזונגען די זמירות ווי אַלע מאָל, געבענשט אין דער הויך מיט'ן שבת'דיגען נגון; זיין פנים האָט אָבער ניט געהאַט דעם שבת'דיגען אויסזעהן און אין די זמירות האָט אָבגעקלונגען איין אומעדיגער נגון. ער האָט זיך געסטאַרעט אַרויסצושלאָגען פון זינען דעם „מאָרגען", ס'זאָל איהם ניט פערשטערען זיין שבת; ער האָט אָבער אַ מינוט אויך ניט געקענט פערגעסען.

און די מאַמע האָט געקוקט אויפ'ן שבת'דיגען טיש און טרעהרען האָבען זיך געשפאַרט פון איהרע אויגען — — איבעראַכט־טאָג — ווער ווייס ווי איבעראַכט־טאָג וועט אויסזעהן איהר שבת, — זי האָט זיך געשטיקט מיט איהרע טרעהרען און ניט צוגעלאָזען דעם שטן פערשטערען איהר דעם שבת.

* * *

אויף מאָרגען, שבת אין דער פריה, האָט זיך די טאָכטער גענומען פאַרטיג מאַכען אַוועקצוגעהן צו דער אַרבייט, אַזוי ווי אַלע טאָג. זי האָט גאָר נישט געזאָגט, און געוואַרט, זיי זאָלען נעהמען רעדען. דער טאַטע האָט זיך גלייך נאָכ'ן אויפשטעהן געזעצט ביים ספר, און די מאַמע האָט געוואַרט אויף זיין לעצטען בעפעהל, די טאָכטער זאָל בלייבען אין דער היים. ער האָט געקוקט אין ספר און גאָר נישט געזאָגט. די פאָר טעג ביז שבת האָט ער זיך געהאַלטען פעסט, אַז ער וועט איהר ניט לאָזען מחלל שבת זיין, און ער האָט גאָר ניט געוואָלט איבערקלעהרען, וואָס ס'וועט זיין. און איצט, ווען די רעכטע מינוט איז געקומען האָט ער געשוויגען; ער האָט ניט גערעדט און געשטיקט אין זיך; די ווערטער: „זאָלסט היינט ניט געהן אַרבייטען" זענען איהם יעדע מינוט אַרויף אויף די ליפען, און ער האָט זיי ניט אַרויסגעזאָגט... ער פלעגט אויפהויבען די אויגען פון ספר, א קוק טהון אויף איהר, ווי זי מאַכט זיך פאַרטיג אַוועקצוגעהן, און ער האָט געשוויגען, אָבגעלייגט זיין בעפעהל אויף „באַלד"... די מאַמע האָט מיט אַ ציטערנדע האַרץ געוואַרט אויף זיינע שטרענגע ווערטער, און טרעהרען האָבען זיך געשפאַרט אין איהרע אויגען.

ער האָט אַ קוק געטהון אויפ'ן זייגער — האַלב נאָך זיעבען. ער האָט פערמאַכט דעם ספר, אויפגעהויבען זיך און צוגעגאַנגען צו דער טיהר. ער האָט אַ קוק געטהון אויף די טאָכטער, און די ווערטער: „זאָלסט היינט ניט געהן אַרבייטען" זענען געלעגען ביי איהם אויף די ליפען — — זיינע ליפען זענען אָבער אַרויף אויף דער מזוזה, און ער איז שטיל אַרויסגעגאַנגען.....

אין אַ פאָר מינוט אַרום האָט די טאָכטער אָנגעטהון דעם הוט און אַרויסגעגאַנגען.

די מאַמע איז געבליבען זיצען אַליין. זי האָט ניט געוואָלט נאָכגעבען דעם שטן און וויינען אום שבת; די טרעהרען האָבען זיך אָבער מיט געוואַלד געשפאַרט פון איהרע אויגען. די היימישע מעשענע לייכטער, האָט זיך איהר געדוכט, קוקען אויף איהר מיט שפאָט — — — און אַ טייך טרעהרען האָט זיך אַ גאָס געטהון.....

טיעף אין האַרצען איז זי געווען צופריעדען, וואָס ס'האָט זיך בעסער אַזוי אויסגעלאָזען....

ניו־יאָרק. ז. לעווין.

---

# ווער איז שולדיג?

(פון אַטאָג־בוך)

..... מיין מיטוואָהנער פינקעלמאַן שלאָפט שוין. ערשט אַ מינוט, ווי ער האָט פערלאָשען דאָס לעמפיל, וואָס עס שטעהט אויף דעם שטוהל נעבען בעטיל, און יעצט חראָפעט ער שוין — איך בין מיך מַשער, אַז אויפגעהערט צו לעזען דאָס בוך און אַנטשלאָפען געוואָרען איז ער שוין פאַר אַפּאָר מינוט, נאָר אין מיטען דרימעל איז איהם דורך אַ געדאַנק דורך'ן מֹחַ, אַז די נאַפט ברענט אויס בחִנָם, און ער האָט זיך מיט געוואַלד אויפגעריסען פון שלאָף צו פערלעשען דאָס לעמפיל. יעצט ליעגט ער אין גאַנצען אין שאָטען: דאָס ליכט פון מיין טיש דערגרייכט נישט ביז צו דער וואַנד.

שלאָפען שלאָפט ער קיינמאָל נישט רוהיג: חראָפעט, פערקרימט די ליפען, ציהט מיט די שוואַרצע ברעמען אין שלאָף, — איהם מוז זיך אַסך חלומ'ן. נאָר יעצט, דאַכט זיך מיר עפּיס, אַז אין חראָפען זיינעם ווערען פערשלונגען אַסך זיפצען. און עפּיס, בכלל, איז מיר אַ רַחמנוּת צו קוקען אויף דעם קליינעם, איינגעקאָרציעטען גוף מיט דעם בלייכען, ליידענשאַפטליכען פנים וואָס שטאַרט אַרויס פון אונטער דער קאָלדרע. גוט זעהט זיך מיר אַרויס נור די שפּיטציגע נאָז; אויב איך האָב קיין טעות נישט, ציהט ער שטאַרק מיט די ברעמען און רינצעלט דעם שטערן. וואָס חלומ'ט זיך איהם? פון ווייב? פון געשטאָרבענעם קינד? אָדער פון אַ גט און אַ נייע חתוּנָה מ י ט אַ נדן?...

עפּיס אַ מאָדנעם איינדרוק האָט ער היינט געמאַכט אויף מיר.

דריי וואָכען וואָהן איך שוין צוזאַמען מיט איהם אין איין צימער. אַז איך האָב מיך איינגעצויגען אין דער דירה און געוואָרען זיין מיטוואָהנער, האָט ער זיך עפּיס אַזוי דערפרעהט, אַז ס'איז מיר אַזש אַ וואונדער געווען. מיר האָבען זיך ביז אַהער נישט געקענט. עפּיס האָט ער מיר מיט אַזאַ ענטציקונג און איילעניש אָנגעוויזען אויף יעדען צוואָק, וואו מען קען אויפהענגען אַ מַלבּוּש, און דערצו אַלץ אין־איינעם, אַרויסגעכאַפּט מיר די זאַכען פון די הענד, אַבי מיר צו העלפען, און צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, איילענדיג און זעהר פעראינטערעסיערט, — אַז איך האָב מיך נישט געקענט איינהאַלטען און האָב איהם געפרעגט, פאַר וואָס ער איז זיך אַזוי מַטרִיחַ פאַר מיר?

— לאָזט, לאָזט! ס'שאַדט נישט! — האָט ער אַלץ־אין־איינעם גע'חַזר'ט, העלפענדיג מיר געגען מיין ווילען. דערצו האָט ער צוגעמאַכט מיט ביידע הענד, צוצויגען די ליפען און אַרויסגעשטעקט די ציינער; די אויגען האָבען געקוקט אַביסל לאַכעדיג און פאַרשעמט. מיט דעם שמייכעל האָט ער מיך אוודאי געוואָלט פערזיכערן, אַז ער בעמיהט זיך אַזוי פיעל מיר צו העלפען, ווייל ער איז אַ גאַנץ גוטער בְּטֶבַע; נאָר אין בליק זיינעם איז, חוץ דעם לאַכענדיגען, געווען נאָך עפּיס אַזוינס, וואָס האָט גערעדט און געוואָלט וויסען, צי דאָס לאַכענדיגע האָט שוין געהאַט אויף מיר די ווירקונג, וואָס ער האָט געוואָלט, און צי ער קען שוין צוזאַמענציהען די ליפען און אויפהערען צו שמייכלען.

— טהון אַ טובה, — האָט ער גערעדט נאָר ענטציקט און אונטערגעשפּרונגען ביי יעדען וואָרט, — טהון אַ טובה — פאַר וואָס נישט? איך האָב זעהר ליעב צו טהון אַ טובה. דאָ, דאָ, מיין ליעבער פריינד, הענגט אויף, ניט אַהער! ניט אַהער!...

— זעהט איהר, מיין ליעבער פריינד, — האָט ער ווייטער געזאָגט מיט אַביסל איין ערנסטערער מינע, אַז איך האָב אַרויסגערוקט דאָס שיפלאַד פון טיש און געוואָלט דאָרט אַריינלעגען מיינע העקטאָגראַפירטע רוסישע

לעקציאָנען, — זעהט איהר, דאָס שיפלאָד איז מיינס. איך האָב מיך אַזוי אויסגערעדט מיט'ן בעל־הבית — איהר ווילט — פ־ענט.

איך האָב שוין צוריקגענומען די פּאַפּיערען און געוואָלט זיי אַריינלעגען אין קעסטיל מיינעם, נאָר ער האָט זיי מיר אַרויסגעכאַפּט פון דער האַנד און אַרויסגעריקט דאָס שיפלאָד.

— זעהט איהר, פאַר א י י ך, מיין ליעבער פריינד, פאַר א י י ך... זאָל עס ליגען ביי מיר. איהר קענט רוסיש? — האָט ער מיך פּלוצלינג געפרעגט; ער האָט דערזעהן, אַז די פּאַפּיערען זענען אָנגעשריבען רוסיש.

— איך קען.

— אי — אַי, וואויל! זעהט איהר! איך לערן מיך רוסיש. איך האָב נישט קיין גוטע אויסשפּראַך, איהר וועט רעדען מיט מיר רוסיש? איהר וועט מיר צו־ווייזען, מיין ליעבער פריינד? אי־אַי — וואויל! איהר וועט מיר צו־ווייזען?

ער האָט ווידער געמאַכט די פריהערינגע מינע: געשמייכעלט; נאָר אין זיין בליק איז יעצט שוין געווען עפּיס אַ קינדישע בקשה; ער האָט געבעטען, ווי אַ קינד בעט ביי די עלטערן אַ גראָשען.

נאָך דעם האָט ער שוין ביז היינט זעהר זעלטען גערעדט מיט מיר יודיש. רעדען רעדט ער רוסיש זעהר שלעכט מיט אַסך גרייזען, און ער וויל אויסנוצען די צייט וואָס איך פערברענג מיט איהם אויף אויסצובעסערען איהם די גרייזען. נאָך יעדער פערבעסערונג הער איך:

—אי־אַי־אַי! ספּאַסיבאַ, ספּאַסיבאַ! (איך דאַנק, איך דאַנק) ווי חאַראָשי גאָספּאָדין! (איהר זייט אַ גוטער הער).

איבערהויפּט, אַז ער רעדט מיט מיר צי מיט עמיץ אַנדערען, רופט ער יענעם אָן „הער" אָדער „גנעדיגער הער". מיינע בעמערקונגען, אַז אויף רוסיש זאָגט מען פּראָסט „איהר", העלפען נישט. ער טראַכט זיך אַוודאי אַזוי: „אַז מען קאָן טהון אַ טובה יענעם און זאָגען גנעדיגער הער — מהיכא תיתא, פאַר וואָס נישט?"

מיר האָבען זיך געזעצט ביים טיש און פעררויכערט פּאַפּיראָסען. פינקעלמאַן האָט מיר געזאָגט, אַז נור מיר צוליעב רויכערט ער און לאָז'ט זיך מכבד זיין מיט אַ פּאַפּיראָס. דערנאָך בין איך אָבער געוואָהר געוואָרען, אַז נישט נור מיר אַליין טהוט ער די טובה. רויכערן, פערשטעה איך, האָט ער זעהר ליעב, ווי אַלע נערוועזע (זיין פּנים און זיינע בעוועגונגען זענען זעהר נערוועז), נאָר ער פערגינט זיך נישט צו קויפען; ער איז זעהר אַ קאַרגער.

די בעל־הבית'טע פון די ערשטע צוויי צימער איז אַריינגעקומען בעטען אַ שוועבעלע, און איך בין דערשראָקען געוואָרען, ווייל פינקעלמאַן איז פּלוצלינג אויפגעשפּרונגען מיט איין אימפּעט, אַרויסגעריסען זעהר געשיקט די שוועבעליך פון מיין האַנד און האָט זיי דערלאַנגט דער בעל־הבית'טע מיט דערזעלבער מינע און מיט דעמזעלבען שמייכעל, וואָס איך האָב ערשט דאָ דערמאָנט:

— אַ שוועבעלע? - האָט ער גערעדט מיט איין איילעניש און איז אונטערגעשפּרונגען ביי יעדען וואָרט. — אַ שוועבעלע? אַ? נאָט אייך! נעמט נאָך אַפּאָר, נעמט! ס'שאַדט נישט, ס'שאַדט נישט!

(ענדע קומט).

ה. ד. נאָמבערג.

---

# נ ד ב ו ת

פיר די הונגערלײַדענדע אין בעסעראַביען:

ה' ליב קאָזדאָן האָט צוזאַמענגענעקליבען אויף די תנאים פון ה' יעקב לעווין אין יעקאַטערינאָסלאַוו 4,80 ר'

פון ה' ד. חעלעמסקי קייעוו האָבען מיר ערהאַלטען 2 ר'. און פון דער חברה "אהבת ציון", אוים וועזענבערג, דורך ה' שערמאַן 7,50 ר'. — צוזאַמען — 14,30 ר"כ.

פיר די בריסקער נשרפים:

דורך ה' שמואל שמש אין קאָרעץ האָבען מנדב געווען: ה' ז' בעקער 1 ר'. ה"ה ש. שמש, נ' רוויטצימרינג, צ. נאָלדמאַן צו 50 ק"פ. ה"ה י. גאָלדמאַן, ח' טיזענהויז צו 30 ק. ה"ה וויבער זינעלמאַן, נעראַלניק צו 25 ק'. ה"ה ז' האַלפערן, הימעלפאַרב, בריטווע, דאָדקע, וואַסערמאַן, צדיקאָוו, סאַראָקע, ראָוונער, א. האַלפערן, י. גאַלפערין, ב', מאַרשאַז צו 20 ק'. ה"ה פּאָליוואַ, ווערניק, בראַנשטיין, פּאַלישאַק, ווילקער, מילראָד, זאַרבאַש, אשכנזי, אייזענבערג, ראַבינאָוויץ, בראַנדווײַן צו 15 ק'. ה"ה זאַסמאַן, טשערעפּיאַטשניק, קאַטלער, קלייפעלד, דעמב, הימעלפאַרב, בערזין, גאָלאָד, סעראַטאַ, אייזענבערג, כ"ץ, בריטווע, טעבישאַר, איינבינדער, זעצער, צו 10 ק'. ה' חיימענים 5 ק"פ.

צוזאַמען־נאָך (פּאָרטאָ) 9 ר"כ.

---

# בריעפקאַסטען דער רעדאַקציאָן.

בן ציון ה. אין קאָר. דאָס מאָל ניט געלונגען. פּרובט צושיקען אַנדערע אַרבייטען.

רחל יום. אין ק. איהר זענט גערעכט, אָבער דאָס. וואָס איהר זאָגט, איז פאַר קיינ'ם ניט ניי.

ח. י. ז. די שפּראַך איז שלעכט.

זושיא וו. דער וואָס וויל לערנען אַנדערע, דאַרף מעהר קענען.

א. פ. איהר האָט דאָך שוין שירים געדרוקט און דאָך שעמט איהר זיך ניט צו שרייבען אַזעלכע שורות:

נו, מאַך שוין ענדליך דאָך אַ סוף,
מיין פאָלק, מיט דיינעם קלעהרען,
דיינע אויטרען שטאָפּ שוין אויף,
דאַן וועסט דו עפּיס הערען,
ווי דיינע קינדער ליעדער זאָגען,
ציון! ציון! דו ביזט מיין.

עס קענען ניט געדרוקט ווערען: "ווען דאָס הערץ טהוט וועה. א. פּאַסטאַראַל־סטודיום (?) פון יודישען לעבען (!)" (כ—ד), "אַ האַלבער געווינס" (פ. א.), "בין הזמנים" (ש. י.), "דורכגעהענד" (בת שבע), "אַ פריינד אויף יענער וועלט" (נ. א.), "אַ חתונה אין דער ליטווישער שווינישאַק" (ה. ב.), "אונזערע קינדער און דער ציוניזם" (א. ל. כ.) "אַ שמועס פון ר' משה מלמד" (א. ל. ח.), "ל"ג בעמר" (שמואל פ.), "מכתב ידידות" (א. י. ש.).

---

# בריעפקאַסטען דער אַדמיניסטראַציאָן.

ה' ברודם קייעוו: ריכטיג דעם וויטץ האָבען מיר ניט פערשטאַנען! פיר די געשיקטע 3,50 האָבען מיר אייך פערשריעבען: 3 ר"כ די לעטצטע צום "יוד" אין 50 ק' אויף רעכנונג דער „וועלטגעשיכטע", וועט איהר נאָך אַזוי האָבען צוצושיקען צו דער וועלטגעשיכטע 1 ר"כ —

ה' זלמן כ—ץ רעני: קיין איינבענדע פיר'ן "הדור" זענען נאָך נישטאָ; עס וועט זיך אי"ה ענדיגען דאָס יאָהר — וועט זיין.

ה' יונאָוויץ — וואָלקאָוויסק: דער אַגענט דורך וועמען איהר האָט אויסגעשריעבען דעם "יוד" האָט פיר אייך קיין "וועלטגעשיכטע" ניכט אויסגעשריעבען.

---

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Krakau.

